Reznik, L.
In yene teg : pyese in
dray aktn.
Kiev, 1940.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1893.11

**Reznik, L. (Lipe), 1890-1944**
In yene teg : pyese in dray aktn.
Kiev : Melukhe-farlag far di natsionale minderhaytn in USSR, 1940.
123 p. ; 14 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Ukraine-Kyïv

ID : NXYH01-B19940 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /11350

Reduction ratio X 10.0

ל. רעזניק

# אין יענע טעג

אוקרמעלוכענאַצמינפאַרלאַג

ל. רעזניק




# אין יענע טעג

פיעסע אין דרײַ אקטן



מעלוכע-פארלאג
פאר די נאציאנאלע מינדערהייטן אין אוססר
קיעוו — 1940

רעדאקטאָר—ג. זשיצ.
טעכנישער אָנפירער — ש. בוים.
קאָרעקטאָר — ב. שוכמאנ.

---

פאפיר 92×60—1/32—36 קג. 3 7/8 דרוק-בויגנ. 4,28 דיסקאָנט-אוטאָר-בויגנ. טיראזש 2500 עקז. פארלאג-נומ. 341. שטאָטליט נומ. 226. נקמפ אוססר, 11-טע דרוקערײַ אופט, בערדיטשעוו. באשט. נומ. 5935. באפולמ. פונ הויפטליט נומ. 130. אָפגעגעבנ אינ זאצ IX/11—1939. אונטערגעשריבנ צומ דרוק I/25—1940 י.

## אָנטײלנעמער:

מישע — אנ ארבעטער.
ארנ — זײַנ פאָטער, א שוסטער.
ליובע — זײַנ שוועסטער, 17 יאָר.
גאָרדיי — א גערטנער.
נאטע — זײַנ שוועסטער, 19 יאָר.
וואָלף — א פריוואטער לערער, וווינט בא גאָרדייען.
וואָליגאָרסקי מוישע — א געוועזענער סוחר.
סאשע — זײַנ זונ, א סטודענט.
מיימאנ — א קאָאָפעראטער.
מיכײַלאָוו — אנ אלטער ארבעטער.
פאוולאָווסקי — אנ ארבעטער.
סערגיי — א יונגער ארבעטער.
קאָמענדאנט.
פרײַלז.
אנטאָנ — דוואָרניק.
אלטע פויערטע.
יונגע מילכיקערנ.
גראָבע מילכיקערנ.
רויטארמייער, ארבעטער, פויערימ.
מילכיקערנס.
באנדיטנ.

די האנדלונג קומט פאָר פרילינג 1919 יאָר אינ א וואלד-יישעוו ניט ווײַט פונ א גרויסער שטאָט.

# ערשטער אקט

---

## דאָס ערשטע בילד

---

אינ גאס. גאָרדייס שטיבל. פארנ שטיבל א גערטנדל. גאָרדיי — א גערטנער, אנ אינוואליר פונ דער וועלט־מילכאָמע, מיט איינ פוס — א הילצערנעם. ער שטייט אינ דעם גערטנדל, ארבעט מיטנ זאסטעפ אונ זינגט. ס'איז גאנצפרי. די ביימער זײַנענ שוינ אינ גרינעמ פוכ. אינ גאס זעט מענ קיינעמ ניט.

גאָרדיי (זינגט):

אפ די גרינע פעלדער, וועלדער, וויי, אוי וויי!
אפ די גרינע פעלדער, וועלדער
ליגט פארלייגט דאָס פעלד מיט זעלנער, וויי, אוי וויי!

דאָרט ליגט א זעלנער אָנ א צורע, וויי, אוי וויי!
דאָרט ליגט א זעלנער אָנ א צורע,
אָנ א קאסטנ אונ אָנ א קווורע — וויי, אוי וויי...

(נאטע גייט ארויס פונ שטוב.)



גאָרדיי: נאטע, אזוי פרי?

נאטע: ס'שלאָפט זיכ ניט, מיט וועמענ רעדסטו עס?

גאָרדיי: מיט קיינעמ ניט, איכ זינג.

נאטע: ס'א שיינער טאָג, גאָרדיי.

גאָרדיי: יאָ, נאטע, אז ס'איז גוט אפנ הארצנ, זײַנענ אלע טעג שיינע.

נאטע: מיר איז גוט, גאָרדיי, ס'איז מיר אזוי גוט, ס'דאכט זיכ מיר, אז די גאנצע וועלט איז א נײַע.

גאָרדיי: דו פרייסט זיכ, וואָס דו פאָרסט אוועק פונ מיר.

נאטע: גאָרדיי, זאָלסט ניט בענקענ נאָכ מיר.

גאָרדיי: פונ בענקענ שטארבט מענ ניט, זאָלסט נאָר דאָרטנ האָבנ עפעס א רעכטע ארבעט אינ שטאָט.

נאטע: פאר דעמ דײַגע זיכ ניט. אז מישע האָט צוגעזאָגט, מעגסטו שוינ זײַנ באוואָרנט. מישע געפעלט דיר, גאָרדיי?

גאָרדיי: אונ דיר געפעלט ער ניט, נאטקע? נו, נו, שוינ רויט געוואָרנ. נישקאָשע, נאטקע, ער איז א ווילער באָכער. וווהינ אנטלויפסטו? שעמסט זיכ?

נאטע: גיי, גיי. איכ וויל מיט דיר ניט ריידנ, איכ לויפ צומ טײַכ. (אָפּ.)

וווּלפ (גייט ארויס): גוט־מאָרגנ, גאָרדיי.

גאָרדיי: ס'שלאָפט זיכ ניט, כאווער וווּלפ? איכ וועק אײַכ אוואדע אופ, אז איכ הייב זיכ אָנ ארומדרייענ.

**וווּלף:** ניין, ניין, גאָרדיי, מיר איז זייער גוט בא אײַך. ס'איז שטיל, איך שלאָף גוט.

**גאָרדיי:** הײַנטיקע צײַטן קאָנען אסאך מענטשן ניט שלאָפן.

**וווּלף:** וואָס מיינט איר דערמיט, גאָרדיי?

**גאָרדיי:** איך מיין גאָרניט. א מענטש, או ער איז אומרויִק, קאָן ער ניט שלאָפן.

**וווּלף:** איך בין ניט אומרויִק, גאָרדיי. פארוואָס זאָל איך עפּעס זײַן אומרויִק? איר ווייסט עפּעס, גאָרדיי?

**גאָרדיי:** איך ווייס דאָס זעלבע, וואָס איר ווייסט, וואָס אלע ווייסן.

**וווּלף:** ניין, ניין, גאָרדיי. זאָגט, איר האָט עפּעס געהערט?

**גאָרדיי:** בא אונדז איז שטיל, כאַווער ווּלף, מע זעט ניט און מע הערט נים.

**וווּלף:** וואָס זעט מען ניט? עפּעס באהאלט איר, איך זע, אז איר ווייסט עפּעס.

**גאָרדיי:** וואָס איז מיט אײַך, כאַווער ווּלף? איך ווייס מיר מײַן ארבעט. מער וויל איך גאָרניט ניט וויסן. און איך האָב פאר קיינעם גיט וואָס צו באהאלטן.

**וווּלף:** אנטשולדיקט, גאָרדיי, איר זײַנט גערעכט, איך בין טאקע שלעכט געשלאָפן, איך רייד נארישקײַטן. זײַט ניט בארויגעז, גאָרדיי.

**גאָרדיי:** איך בין אף קיינעם ניט בארויגעז. איר פאָרט באלד אין שטאָט?



**וווּלף:** יאָ. (לאָזט זיך גיין צו דער שטוב.)

**גאָרדיי** (זינגט):

קומט א פויגל אָן צו פליִען, ווײ, אוי ווײ!
קומט א פויגל אָן צו פליִען,
און שטעלט זיך אפן זעלנער אָפּצורוען, ווײ, אוי ווײ!

שטײ ניט פויגל, פלי געשווינד, ווײ, אוי ווײ!
שטײ ניט פויגל, פלי געשווינד
און זאָג מײַן מאמען, אז איך בין געזונט, ווײ, אוי ווײ!

**וווּלף** (קערט זיך אום): גאָרדיי, איר זײַט געווען עטלעכע יאָר אף דער מילכאָמע. איר ווייסט, מינאסטאם, וועגן אזא געפיל, אז מע האלט אין איין ווארטן, אין איין ארויסקוקן, אז אָט־אָט וועט עפּעס געשען, אָט וועט זיך עפּעס טרעפן. גאָרדיי, איר ווייסט, מינאסטאם, וואָס הייסט עמעסע שרעק?

**גאָרדיי:** נו, יאָ, וואָס איז שרעק, דאָס ווייסן מיר, דער טויט האָט זיך שטענדיק געטוליעט צו אונדז, איז געזעסן און איז געשלאָפן מיט אונדז, אונדז נאָכגעגאנגען טריט בא טריט...

**וווּלף:** און לאנג פלעגט זיך עס אזוי ציִען?

**גאָרדיי:** אמאָל כאדאָשימווײַז, און אמאָל ווינציקער.

**וווּלף:** און יאָרן, יאָרן דורכאנאנד, ווען עס זאָל זיך ציִען, וואָלט א מענטש עס אויסגעהאלטן?

**גאָרדיי:** א מענטש קאָן אלץ אויסהאלטן, כאַווער

וואָלף. כ׳האָב געזען, וויאַזוי כיַיעס זיַינען אומגעקומען, וויאַזוי הע֗לצ איז צעפוילט געוואָרן, אײַזן איז פאַרזשאַווערט געוואָרן און מענטשן האָבן אויסגעהאַלטן. דריַי יאָר אַזוי, כאַווער וואָלף. נאָר מער וויל איך ניט. גענוג פון מײַנעטסוועגן.

וואָלף (אין א זײַט): מער וויל ער ניט! ס׳הענגט אָפּ פון אים. ער וויל ניט, איז ניט, און איך מוז. איך בין אומעטום אָפן פראָנט, אין איין שרעק — וואָס וועט זײַן?.. און אַזוי פון קינדוויַיז אויף. יעדער מענטש קאָן פאַרגעסן, אַז ער מוז שטאַרבן, און ער פאַרגעסט, נאָר א ייִד... וויאַזוי קאָן מען פאַרגעסן דאָס שענדלעכע וואָרט... פּאָגראָם? (אָפּ אין שטוב אַריַין.)

גאָרדיי: א מאָדנער מענטש, וואָס ווייסט ער פון שרעק, אַז ער איז אָפן פראָנט ניט געווען? (זינגט):

נאָר פון מיַין טויט זאָלסט איר ניט זאָגן, ווי, אוי ווי!
נאָר פון מיַין טויט זאָלסט איר ניט זאָגן,
וויַיל זי וועט וויינען און וועט קלאָגן, ווי, אוי ווי...

ליובע (קומט אַריַין): גוט־מאָרגן, פעטער גאָרדיי.
גאָרדיי: גוט־יאָר, וווהין לויפסטו עס אַזוי פרי?
ליובע: איך דאַרף נאַטקען.
גאָרדיי: זע נאָר, ווי דער פרילינג האָט זיך אין זיי צעשפּילט, מיט דער זון האָט עס זיי אויפגעהויבן פונעם געלעגער. עפּשער דאַרפסטו גאָר דעם לערער וואָלף? (רופט): כאַווער וואָלף!



ליובע: ניין, ניין, רופט ניט, איך דאַרף נאַטקען, זאָג איך אײַך.
גאָרדיי: וואָס דאַרפסטו זי אַזוי פרי?
ליובע: איר טאָרט ניט וויסן.
גאָרדיי: איך טאָר ניט, וועל איך ניט פרעגן.

(וואָלף גייט אַרויס.)

וואָלף (דערפרייט): ליובע, גוט־מאָרגן, מיסטאַמע צו נאַטקען?

ליובע: גוט־מאָרגן, פונוואַנען ווייסט איר? עפּשער צו אײַך? פאַרוואָס זײַט איר נעכטן אָפּדערנאַכט ניט געקומען?

וואָלף: דו האָסט מיר געזאָגט, אַז, דאַכט זיך, דו וועסט זײַן פאַרנומען אין אָוונט, האָב איך געטראַכט, עפּשער ווילסטו ניט, איך זאָל קומען. כ׳האָב דאָפּקע זייער געוואָלט אַריַינגיין.

ליובע: וואָס דאַרפט איר טראַכטן? אָפּ ווייַטער, אויב איר ווילט, דאַרפט איר אַריַינקומען.

וואָלף: א דאַנק, ליובע, כ׳וועל הײַנט אין אָוונט קומען.

ליובע: הײַנט אין אָוונט? נו, גוט, קומט. דערווײַל א גוטן. פעטער גאָרדיי, נאַטע שלאָפט נאָך?

וואָלף: א גוטן. וואָס שרײַבט עפּעס מישע?

ליובע: מישע איז הײַנט באַנאַכט געקומען. ער וועט דאָ פאַרברענגען א פּאָר טעג.

גאָרדיי: מישע איז געקומען? טאָ וואָס־זשע שווײַגסטו? לויף, לויף גיכער. נאטאשע איז שוין אופגעשטאַנען, זי איז באַם טײַך. (ליובע אָפּ.) גיי, גיי, דערצייל איר. זי וואַרט שוין אָפּ דעם. (ער שטעלט צונויף זײַנע אינסטרומענטן, נעמט א טאָרבע, לאָזט זיך גיין.) כאָווער וואָלף, אז נאטע וועט קומען, זאָגט איר, אז איך בין אוועק אין דאָרף. זאָל זי דאָ אכטונג געבן אָפּ דער שטוב.

וואָלף: גוט.

(וואָלף אָפּ אין שטוב. גאָרדיי אָפּ. עס קומען אָן ליובע מיט נאטען.)

ליובע: ס'איז שוין געווען שפּעט באַנאַכט, איך בין שוין געשלאָפן, נאָר כ'האָב אים דערהערט ריידן, האָב איך זיך אופגעכאַפּט. דו ווייסט, נאטע, איך וואָלט אויך געוואָלט, אז סאַשע זאָל אוועקפאָרן און ער זאָל פּלוצעם קומען. כ'האָב זיך קוים דערוואַרט ס'זאָל ווערן אינדערפרי, און איך בין אוועקגעלאָפן דיר אָנזאָגן.

נאטע: טאַקע געקומען? ליובקע, טאָמער נאַרסטו מיך אָפּ? אָפּ לאַנג?

ליובע: אָפּ א פּאָר טעג. דער גובקאָם האָט אים געשיקט, דאַכט זיך, וועגן דער מאָביליזאַציע פון דער יוגנט, און נאָך עפּעס. מיכײַלאָוו איז מיט אים אויך געקומען, זיי האָבן ווייער לאַנג גערעדט. נאָר איך בין אַנשלאָפן געוואָרן.

נאטע: ער וועט א גאַנצן טאָג, מיסטאָמע, זײַן פאַרנומען.



ליובע: ביז מיטיק, האָט ער געזאָגט, וועט ער זײַן פרײַ.

נאטע: ער שלאָפט שוין ניט?

ליובע: ניין. באַהאַלט זיך, נאטע, דאָ. באַלד וועל איך א קוק טון און איך וועל אַרויס דיר זאָגן. (ליובע אָפּ.)

נאטע (זינגט):

פון די פעלדער ווינטן בלאָזן,
פון די פעלדער קאָרן,
זאָלסט אליין מיך דאָ ניט לאָזן
באַ דעם טײַך דעם קלאָרן.

באַ דעם טײַך און באַ די ברעגן,
באַ דעם טיפן ברונעם,
זאָלסט אַרויסגיין אָפּ די וועגן
און זאָלסט מיך געפינען.

אין די פעלדער — גראָזן גרינען,
ציטעריקע בלומען,
איך וועל וואַרטן ביז באַגינען,
טאָמער וועסטו קומען.

סאַשע (קומט אָן, הערט די לעצטע סטראָפע, גייט צו צו נאטען): און איר האָט זיך דערוואַרט, איך בין געקומען. גוט־מאָרגן, נאטע טײַערע.

נאטע: גוט־מאָרגן.

סאַשע: אַנטשולדיקט, נאטע, איך האָפּ, אז איך האָב אײַך ניט געשטערט?

נ א ט ע: א ביסעלע געשטערט.

ס א ש ע: איר זײַט איצט ענלעך איר ווייסט אף וועמען, נאטע?

נ א ט ע: ניין, איך ווייס ניט.

ס א ש ע: אף א נאיאדע, אף א וואסער־נימפע, וואָס איז אופגעגאנגען פון קלאָרן קוואל זיך שפּילן אנטקעגן דער לעוואָנע.

נ א ט ע: שוין גרויסער טאָג, ווו זעט איר א לע־וואָנע?

ס א ש ע: די נימפע האָט זיך אזוי פארשפּילט, אז זי האָט ניט באמערקט, ווי די זון גייט אוף און ווי א יעגער איז פון וואלד ארויס, און ער האָט זי געכאפּט. (ווייל זי כאפּן.)

נ א ט ע (אנטלויפט): ניין, ניט געכאפּט, איר האָט א טאָעס.

ס א ש ע: פארוואָס אנטלויפט איר אלעמאָל פון מיר?

נ א ט ע: ניט אלעמאָל, נאָר ווען איר לויפט מיר נאָך.

ס א ש ע: איר לאָזט מיר אפילע קיין האָפענונג ניט, נאטע?

נ א ט ע: דער אלטער ארן זאָגט, אז א מענטש טאָר קיינמאָל די האָפענונג ניט פארלירן.

ס א ש ע: דער אלטער ארן איז אן אָרעמער, אן אלטער ייִד, און אלטע לײַט, און אָרעמע, און ייִדן האָבן קיין אנ־דער ברייָרע ניט; נאָר האָפן.

נ א ט ע: איר זײַנט דאָך אויך א ייִד.

ס א ש ע: איך בין א מיליטער־מאן, נאטע, איך האָב



פײַנט דערשראָקענע, פאריאָגטע, באליידיקטע און שוואכע.

נ א ט ע: מישע איז דאָך אויך א ייִד, צי דען איז ער א שוואכער, א דערשראָקענער?

ס א ש ע: מישען קען איך בעסער פון אײַך, נאטע. מיר זײַנען מיט אים קינדווײַז געווען כאווירים. אז מיר זײַנען עלטער געוואָרן, בין איך אָנגעקומען אין אוניווער־סיטעט. ער איז נאָך פריִער אוועק אף ארבעט. עטלעכע יאָר האָבן מיר זיך ניט געזען, נאָר אז איך האָב זיך מיט אים איינמאָל באגעגנט, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז מיר האָבן ניט פון וואָס צו ריידן.

נ א ט ע: פארוואָס? ער איז געוואָרן אן אנדערער? צי איר האָט זיך איבערגעביטן?

ס א ש ע: ער, ער איז געוואָרן א באָלשעוויק, נאטע.

נ א ט ע: וואָס רעדט איר?

ס א ש ע: יאָ, ער איז ניט קיין דערשראָקענער. נאָר ער איז גראָב און פרעך, ווי די מאטראָסן און דעזער־טירן, וואָס ער כאווערט זיך מיט זיי. יאָ, נאטע, מישע איז מיר א פרעמדער. כ׳וואָלט זיך ניט געוואָלט באגעגענען מיט אים.

נ א ט ע: איז גיכער גייט אוועק, ער׳ט באלד זײַן דאָ.

ס א ש ע: ער איז דען הי?

נ א ט ע: יאָ, ער איז הײַנט באנאכט געקומען. דאָס ווארט איך איצט אף אים.

ס א ש ע: איז עס צוליב אים האָט איר זיך אזוי פרי אויסגעפּוצט מיט קווייטן?

נ א ט ע: יאָ, צוליב אים, ער'ט באַלד ארויסגיין.

ס א ש ע: זייַט געזונט, אַ גוטן.

נ א ט ע: א גוטן־טאָג, א גליקלעכן געיעג.

(סאשע אָפּ).

(ליובע גייט ארויס אפ דער וועראנדע.)

ל י ו ב ע: ווו ביסטו, נאטע? ווער איז דאָ געווען? ס'איז, דאכט זיך, סאשע?

נ א ט ע: יאָ, דו האָסט געטראָפן. ס'איז ער. ער האָט זיך מיר דערקלערט אין ליבע.

ל י ו ב ע: אזוי גאָר! דו שטייסט ניט ליידיק. ביז איינער וועט ארויס, פארנעמסטו זיך דערווייל מיט א צווייטן.

נ א ט ע: ס'פארדריסט דיך, ליובקע, ביסט בארויגעז?

ל י ו ב ע: איך בין ניט בארויגעז, נאָר דו מיינסט, אז אלע זייַנען אין דיר פארליבט.

נ א ט ע: ווילסט זיך שוין מיט מיר קריגן? דו ווייסט דאָך גוט, אז מיר געפעלט ער ניט, דייַן סאשע. איך אפ דייַן אָרט וואָלט זיך שוין לאנג צעקריגט מיט אים. וווּלפ געפעלט מיר אסאך בעסער.

ל י ו ב ע: וואָס עפּעס וווּלפ אײַנמיטנדרינען?

נ א ט ע: ליובע, וווּלפ האָט דיר קיינמאָל ניט געזאָגט, אז ער האָט דיך ליב?

ל י ו ב ע: ער וועט קיינמאָל ניט זאָגן אויך. ס'וועט בא



אים קיין מוט ניט קלעקן אפ דעם. איינמאָל האָט ער זיך עפּעס שיר ניט אויסגערעדט. נאָר ער אליין האָט זיך אזוי דערשראָקן, אז ער איז אנטלאָפן.

נ א ט ע: מענטשן זאָגן, אז ער זיצט דאָ צוליב דיר. וואָרעם אויב ניט, וואָס ווינט ער עפּעס דאָ? ער ארבעט דאָך איצט אין שטאָט.

ל י ו ב ע: כ'ווייס ניט, ס'קאָן זייַן. ער זאָגט, אז צוליב שטילקייַט. ער איז א מאָדנער, שטענדיק איז ער צעטראָגן. טאָמער עפּעס, ווערט ער באַלד אָפּהענטיק, איטלעכן איז ער גרייט נאָכגעבן, און שטענדיק פילט ער זיך עפּעס שולדיק, אזוי ווי ער וואָלט עמעצן געמאכט ענג אפ דער וועלט. איך האָב ניט ליב אזא.

נ א ט ע: און איך האָב ניט ליב אזא ווי סאשע. יענער מיינט, אז איטלעכער איז מעכוייעוו אים אָפּטרעטן דאָס אָרט. וועסט מיר גלייבן, ליובקע, אלעמאָל ווען איך זע אים, גלוסט זיך מיר אים אָפּטון עפּעס א צעלאָכעס.

ל י ו ב ע: צייַטנווייַז געפעלט ער מיר אויך ניט, איך קאָן דיר ניט זאָגן פארוואָס. דעמלט איז ער עפּעס אזוי ווי אן אנדערער. ניט דער סאשע, וואָס איך האָב אזוי ליב צו טראכטן וועגן אים. נאָר איך בין אין אים שטארק פארליבט, שרעקלעך פארליבט, שרעקלעך שטארק, און אמאָל פארדריסט מיך אפילע, אז ער רעדט מיט דיר... ווארט, דוכט זיך, מע גייט, באהאלט זיך. ניין, ניט ער.

(ס'גייט אריַין אנטאָן, א הויקער, מיט א שטעקן אין דער האנט און מיט א טאָרבעלע.)

אנטאָן: א קיש, א קיש! וואָס פאר א ציגנ שפּרינ־גענ דאָ אזוי פרי ארום?

נאטע: האָסט אונדז ניט דערקענט?

אנטאָן: איַיך ניט דערקענט... צו פרי זיַינט איר ארויס אפּ דער פּאשע, ציגעלעך. עפּעס האָט איר שוינ דערשמעקט מיסטאמע? געדענק, נאטע, כ'וועל דערציילנ גאָרדייען. היַינטיקע יאָרנ טאָרנ קיינ מיידלעך אזוי פרי ניט ארויס־גיינ.

ליובע: פאַרוואָס, אנטאָנ?

אנטאָן: דערפאר. פרעג דעם טאטנ דיַינעם, ער וועט דיר דערציילנ. א ייִדישקע דארפ זיך אוואדע היטנ היַינטיקע ציַיטנ.

ליובע: בא אונדז איז שטיל, אנטאָנ.

אנטאָן: שטיל? היַינט איז שטיל, און וואָס וועט מאָרגנ זיַינ? און וואָס וועט זיַינ שפּעטער מיט א שאָ. ווייסטו? קיינער ווייסט ניט, קיינער ווייסט ניט.

נאטע: און ווּהינ האָסטו זיך אזוי פרי אויסגעפּוצט?

אנטאָן: אינ שטאָט אריַינ.

ליובע: וואָס פאר א געשעפטנ האָסטו עס אינ שטאָט?

אנטאָן: קיינער ווייסט ניט וואָס פארא געשעפטנ. איך וויים אַליינ ניט, נאָר מע דארפ גיינ.

נאטע: אז דו ווייסט ניט און קיינער ווייסט ניט, טאָ וואָס־זשע גייסטו?

אנטאָן: נאטקע, איך בינ א מענטש אנ אָרעמער, א



קאַליקע, א פינצטערער מענטש, און אזוינע וויסטע מענטשנ, ווי איך, גייענ איצט אַלע טאָג מיט ליידיקע טאָרבעס אינ שטאָט אריַינ.

נאטע: אָבער זאָג, צוליב וואָס? ס'איז א סאָד?

אנטאָן: צוליב וואָס? צוליב ווענ? נו, גוט, איך וועל דיר זאָגנ. טאָמער טרעפט זיך עפּעס, פארשטייסט? טאָמער וועט זיַינ א בונט? און איצט א קיש, א קיש! אינ שטוב אריַינ! ס'איז ניט קיינ גוטע ציַיטנ פאר אזוינע יונגע ציגע־לעך. (אנטאָנ אָפּ.)

ליובע: באהאלט זיך גיכער!

נאטע: מישע?

ליובע: יאָ, ער! (נאטע באהאלט זיך.)

מישע: (גייט ארויס): ווּ ביסטו, ליובקע? ליובע!

ליובע: איך בינ דאָ. זיך קוים דערוואַרט, וואָס קלייַבסטו זיך אזוי?

מישע: ס'א ליכטיקיַיט! און אזוי שטיל! מע הערט, דאכט זיך, ווי די גראָזנ וואקסנ.

ליובע: איז שלעכט? דו דארפסט, ס'זאָל דונערנ און בליצנ?

מישע: סע דונערט, ליובקע, סע דונערט און סע בליצט.

ליובע: דו ביסט אזוי פארטראַגנ, אז דו קאָנסט זיך אהיימ ניט אָפּריַיסנ כאָטש אפּ א וואָך. ווּהינ זשע גייסטו? ווילסט, דאכט זיך, צום טיַיך.

מישע: כ'וועל עפּשער רופנ נאטענ, זי זאָל מיט אונדז אויך גיינ.

(נאַטע שפּרינגט אַרויס.)

**מישע** (כאַפּט זי פאַר די הענט): נאַטקע!

**נאַטע**: מישקע, מישע!..

**מישע**: נאַטע! (ביידע שווײַגן. קוקן איינער אפן אנדערנ האַלב־אַנציקט, האַלב־דערשטוינט און אַ ביסל פאַרשעמט. ליובע האָט זיך לויפן.) ליובע, ליובע, וווהין לויפסטו?

**ליובע**: איר וועט דאָ שטיין אַ גאַנצע שאָ און גלאָצן די אויגן איינער אפן צווייטן. כ'וועל גיין דערווײַל די שטוב פאַרקערן.

**נאַטע**: ליובקע, מיינסט, כ'פאַרשטיי ניט, וואָס דו ווילסט?

**ליובע**: און דו מיינסט, נאַטע, אַז איך ווייס ניט, וואָס דו ווילסט? זײַט געזונט! (אָפּ.)

**נאַטע**: וואָס קוקסטו אַזוי אפ מיר?

**מישע**: נאַטקע, איך האָב זיך ניט געריכט דיך טרעפן אַזאַ שיינע.

**נאַטע**: האָסט זיך ניט געריכט? אהאַ! און איך האָב אומיסטן אַזוי... אומיסטן געוואָרן שענער, זעסט? קוק זיך צו...

**מישע** (אַנצ'קט): נאַטע!

**נאַטע** (מיט אײַנגעהאַלטענער צופרידנקײַט פון זײַן אַנציקונג): וואָס איז מיט דיר, מישע?

**מישע**: דו ווייסט ניט וואָס? (ער נעמט איר האַנט און קוקט איר אין די אויגן).

**נאַטע**: דערקענסט מיך ניט?



**מישע**: דאָס ביסטו, נאַטקע?

**נאַטע**: איך.

**מישע**: טאָ וואָס שווײַגסטו? זאָג עפּעס.

**נאַטע**: ווילסט, איך זאָל דיר זאָגן? אַזוי גיך?

**מישע**: זאָג, נאַטקע.

**נאַטע**: איך פאָר אריבער אין שטאָט.

**מישע**: פאָרסט? גאָרניי לאָזט דיך אָפּ?

**נאַטע**: יאָ. נו, ביסט צופרידן? ס'געפעלט דיר? איצט וועלן מיר זיך זען אַלע טאָג, וואָס שווײַגסטו?

**מישע**: צופרידן, יאָ. פאַרשטייט זיך. נאָר, צום באַדויערן...

**נאַטע**: כ'פאַרשטיי ניט, מישע, אויב ס'איז גוט, אין וואָס דאַרפסטו באַדויערן?

**מישע**: ניט דאָס. נאָר ס'וועט איצט ניט זײַן, אַזוי ווי דו שטעלסט זיך פאָר... איך... מיר וועלן זיך ניט קאָנען זען.

**נאַטע**. ניט קאָנען? שפּאַסט! מיר וועלן זיך ניט קאָנען זען? פאַרוואָס? דו מיינסט עס ערנסט? פרווו נאָר, זאָג, אַז דו שפּאַסט. וואָס הייסט, ניט קאָנען, ווילסט ניט? מישקע, דו דאַרפסט מיך שוין ניט? (דערשראָקן.)

**מישע**: איך דאַרף דיך, איך דאַרף דיך, ווי די זון, ווי לופט, נאָר אַנדערש קאָן ניט זײַן.

**נאַטע**: ווי די זון, ווי די לופט, ווי דעם נעכטיקן טאָג, אַבי מיך ניט אָנקוקן.

**מישע**: איך בין מאָביליזירט, נאַטע, איך פאָר אַוועק.

נאטע: וווהינ?

מישע: פארשטייט זיכ, אפנ פראָנט.

נאטע: ס׳א ליגנ, מישע!

מישע: ס׳איז אנ עמעס. איצט איז זייער שווער. דו ווייסט עס אליינ. קאָלטשאק, אונ פעטליורע, אונ דעניקינ, אונ אינעווייניק אינ לאנד באנדעס, אזויווי די וועלפ. איצט קאָנ קיינער ניט זיצנ אינ דער היימ, נאטע, פריִער האָט מיכ די פארטיי געדארפט אינ שטאָט, בינ איכ געזעסנ אינ שטאָט, איצט דארפ זי מיכ אפנ פראָנט...

נאטע: איכ האָב זיכ קוימ דערשלאָגנ בא גאָרדייענ, ער זאָל מיכ אָפלאָזנ, איז פונקט אצינד... אזויפיל האָפע־נונג.. איכ וויל ניט, מע דארפ ניט, מישע...

מישע: מיינסט עס ערנסט?

נאטע: איכ מיינ עס ערנסט. איכ טאָר ניט מיינענ ערנסט? איכ האָב מוירע, מע וועט דיכ דערהארגענענ, איכ טאָר ניט מוירע האָבנ? איכ וויל ניט, קאָנסט מיכ צווינגענ, איכ זאָל וועלנ? מע דארפ ניט, איכ וויל זיכ ניט צעשיידנ, פונקט איצט...

מישע: דו ביסט דאָכ ניט קיינ נאר, נאטע, לאָמיר מער ניט ריידנ וועגנ דעמ.

נאטע: נו, רייד ניט. ווער בינ איכ? א דאָרפיש מיידל. ס׳דאָ מיט וועמענ צו ריידנ! וואָס פאר א ווערדע האָב איכ בא דיר?

מישע: דו ביסט מיר טייַערער פונ מייַנ לעבנ, נאטע, נאָר ס׳איז פאראנ נאָכ טייַערערס פונ דיר.



נאטע: פאראנ נאָכ טייַערערס?

מישע: יאָ, נאטע, כ׳מיינ... א רעוואָליוציאָנער, א קאָמוניסט. דו פארשטייסט?

נאטע: כ׳פארשטיי ניט, כ׳וויל ניט פארשטיינ.

מישע: אויב דו ווילסט ניט, וועלנ מיר געצוווּנגענ זייַנ...

נאטע: מע דארפ ניט. וואָס וועלנ מיר געצווונגענ זייַנ? וואָס ווילסטו זאָגנ, מישע? טו ווי דו פארשטייסט, איכ האָב געשפאסט.

מישע: נאטע!

נאטע: ניינ, מע דארפ ניט, רייד ניט, איכ וויל ניט. איכ וועל פאָרנ אינ שטאָט, איכ וועל ווארטנ אפ דיר. קומ, קומ צומ טייַכ. איכ וועל ווארטנ ביז דו וועסט קומענ פונ פראָנט. אונ דו זאָלסט זיכ בארימענ, אז איכ ווארט אפ דיר, מישע, אלע וועלנ דיר מעקאנע זייַנ. עפ־שער ניט? ווער נאָכ האָט אזא מיידל?

מישע: קיינער ניט! (אָפּ.)

---

### דאָס צווייטע בילד

---

(בא וואָליגאָרסקינ אינ שטוב. ס׳גייט ארייַנ מיימאנ.)

וואָליגאָרסקי. א גוטער גוט־מאָרגנ, גוט־מאָרגנ, אָט אזוי געפעלט איר מיר. זעצט זיכ,

מיימאנ: א דאנק. וואָס זשע געפעלט אייַכ אזוי?

וואָליגאָרסקי: מיר געפעלט, ווי איר האלט די שליסלען, ווי א געבוירענער קרעמער.

מיימאן: אנטשולדיקט, א קאָאָפעראטער איז ניט קיין קרעמער. מיר האָבן אלעמאָל געקעמפט פאר אן ארבעטער־קאָאָפעראציע.

וואָליגאָרסקי: יאָ, יאָ, איך ווייס, אז איר האָט געקעמפט: פאר דעמאָקראטיע, פרייַהייַט פון וואָרט, אומזיסטן טראמווייַ, גרינדונג־פארזאמלונג, שטימט פאר אונדזער צעטל — צעטל נומ. 5... דאכט זיך, מענשעוויקעס, בונד. נו, און פאר וואָס קעמפט איר איצט?

מיימאן: מוסיע וואָליגאָרסקי, איר האָט מיך געבעטן אריַינגיין צו אייַך וועגן א וויכטיקן עניַען. אויב ס'איז פּאָליטיק, וועט איר מיר מוזן אנטשולדיקן, איך בין איצט אוועק פון פּאָליטיק.

וואָליגאָרסקי: זיצט, מוסיע מיימאן, זיצט. מיר גייען שוין איבער צו אונדזער עניַען. קיין שום שייַכעס ניט צו פּאָליטיק, איר דערלויבט?

מיימאן: ביטע, איך געשעפטלעך, בין איך גרייט.

וואָליגאָרסקי: געשעפטלעך, געשעפטלעך, ניט אנדערש. און דאָס געשעפט באשטייט אָט אין וואָס: איך דארף האָבן א ביסל צוקער און זאלץ. אנטשולדיקט, לאָזט מיך אויסריידן ביזן סאָף. איך דארף ניט קיין סאך, א צען זעקלעך צוקער און א פינף זעקלעך זאלץ. ווארט זשע, איך ווייס, אז אין אייַער שטאָטישן סקלאד האָט איר נאָך א ביסל סכוירע.



מיימאן: לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז איך האָב. און וואָס? לייגט איר מיר פאָר, מיר, א קאָאָפעראטער, איך זאָל עס פארקויפן א פריוואטניק אין ספעקוליאציע? זייַט מיר מוחל...

וואָליגאָרסקי: אָט הייבט זיך אָן. זעצט זיך אנידער און הערט מיך אויס. איך האָב קיינמאָל ניט געצווייפלט אין אייַער אָרנטלעכקייַט. איך וויל אייַך ניט פאָרלייגן קיין כאבאר. זייַט זיכער, איך ווייס, אז ס'איז ניט דאָס אָרט, און ס'רעדט מיט אייַך גאָר ניט קיין ספעקוליאנט, ניט קיין פריוואטניק, איך בין א ראטן־אָנגעשטעלטער, אזוי ווי איר. איר ווייסט עס גאנץ גוט. איך בין א באפולמעכטיקטער פון גלאווטעקסטיל. איך לייג אייַך פאָר אן אָרנטלעך געשעפט. איר וועט דערפאר באקומען א ראמשל מאנופאקטור פאר די מיטגלידער פון אייַער קאָאָפעראציע. איר דארפט דאָך מאנופאקטור?

מיימאן: מיר דארפן זייער.

וואָליגאָרסקי: זעט איר, און איך דארף צוקער מיט זאלץ. און נאָך הייַנט. אן אָרדער אויף מאנופאקטור באקומט איר באלד. ס'וועט אייַך לוינען, נאָר הייַנט מוזט איר צושטעלן אהער אייַער סכוירע.

מיימאן: אהערצו? פאר וועמען דארפט איר עס דאָ, מוסיע וואָליגאָרסקי? איר פארשטייט דאָך...

וואָליגאָרסקי: גוט, גוט, כ'פארשטיי, כ'וועל אייַך זאָגן פאר וועמען, ס'איז פאר דעם קאָאָפעראטיוו דאָ אין דאָרף, אין נייַ־מיכייַלאָווקע.

(עס קומט אַרײַן וואָלף.)

**וואָלף:** גוט־מאָרגן, איר זײַט פֿאַרנומען? אַנטשולדיקט.

**וואָליגאָרסקי:** מיר וועלן באַלד ענדיקן. איר דאַרפֿט עפּעס?

**וואָלף:** אָ, ניין, איך האָב נאָר געוואָלט פֿרעגן. איר האָט גאָרנישט ניט געהערט?

**מײמאַן:** וואָס איז? וואָס האָט זיך געטראָפֿן?

**וואָלף:** מע זאָגט, אַז די נײַ־מיכײַלאָווקער פּויערים האָבן יענע נאַכט פֿאַרהאַלטן אַ שיף און דערטרונקען אַלע ייִדן.

**וואָליגאָרסקי:** הערט אויף, איך בעט אײַך, מיט אײַערע קאַזאַלעס, מע זאָגט און מע רעדט... וואָס דאַרפֿט איר זיך צוהערן?

**וואָלף:** מוסיע וואָליגאָרסקי, ס׳זײַנען פֿאַראַן מענטשן, וואָס קענען אומגיין מיט פֿאַרשטאָפּטע אויערן. איך קען ניט, איך בין אַ ייִד, מוסיע וואָליגאָרסקי...

**מײמאַן:** אַנטשולדיקט, כאַווער וואָלף, אַלעמאָל הער איך פֿון אײַך די זעלבע פֿראַזע: — איך בין אַ ייִד! וואָס טראָגט איר זיך דערמיט אַרום? מער זעט איר גאָרנישט אַרום זיך, נאָר ייִדן?

**וואָלף:** אינמיטן העלן טאָג שטעלט מען אָפּ אַ שיף צי אַ באַן און מע פֿאַלט אָן מיט אַ געשריי: „ייִדן, באַזונדער!“ איז וואָס, ווילט איר, זאָל איך נאָך זען אַרום זיך? „ייִדן, באַזונדער!“ איר פֿאַרשטייט? וויאַזוי



זאָל איך פֿאַרגעסן, אַז אַז איך בין אַ ייִד, אַז אַלע טאָג דערמאַנט מען מיר?

**מײמאַן:** איר זײַט אַוודאי גערעכט, נאָר איר נעמט אויף די זאַך צו עלעמענטאַר, איר זעט ניט די מעכאַניק פֿון דער זאַך. אָט דאָס הייסט בירגערקריג, דאָס איז אַ סטיכיע פֿון בירגערקריג, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן צעבונדן.

**וואָלף:** וואָס רעדט איר? וואָס פֿאַר אַ מעכאַניק? וועלכע באָלשעוויקעס? איר ווייסט דען ניט, אַז דאָרט, ווו די באָלשעוויקעס זײַנען, איז קיין פּאָגראָם ניטאָ? איר האָט דען געהערט פֿון פּאָגראָמען אין מאָסקווע, אין פּעטראָגראַד, אין טולע? איר ווייסט דען ניט, אַז אין די שטעטלעך קוקט די ייִדישע באַפֿעלקערונג אַרויס אַף דער רויטער אַרמיי, ווי אַף אויסלייזער?

**וואָליגאָרסקי:** נו, נו, ס׳רעדט זיך אַזוי. פּאָשעט, איר ווייסט ניט. איך וועל אײַך דערציילן אַ פּאָר מײַסעס, נאָר שפּעטער. דערווײַל זײַנען מיר אַ ביסל פֿאַרנומען. איך וועל אײַך בעטן אונדז אַנטשולדיקן, איר וועט צו־וואַרטן. ניין, ניין, גייט ניט אַוועק, איך האָב טאַקע צו אײַך אַ שטיקל איניען, טאַקע אַ ייִדישן איניען. (ווײַזט אָפּן צוווייטן צימער.) גייט אַרײַן, זיצט אַ ביסל. (וואָלף אָפּ.) איז לאָמיר ענדיקן, מוסיע מײמאַן, איר פֿאַרשטייט, פֿאַר דער קאָאָפּעראַציע אין נײַ־מיכײַלאָווקע דאַרף מען עס.

**מײמאַן:** ס׳איז טאַקע אַן עמעס, וואָס מע דערציילט וועגן נײַ־מיכײַלאָווקע?

וואָליגאָרסקי: ס'קאָן זײַן אַן עמעס, זיי האָבן ניט קיין צוקער, קיין זאַלץ, קיין מאַנופאַקטור, קיין שוכוואַרג, שטעלן זיי אָפּ די שיפן אָפן טײַך. מע איז געקומען דערצו, אַז אַנדערש קריגן קאָן מען ניט. סײַדן מיט גוואַלד.

מיימאַן: וואָסי? זייער קאָאָפּעראַציע באַזאָרגט מען ניט?

וואָליגאָרסקי: אָט דאָס איז דאָך. באַ זיי אין דאָרף איז מען זיך באַגאַנגען אַ ביסל ניט־העפלעך מיט די סאָוועטישע קאָמיסאַרן. פּאָשעט געערדט. זיי האָבן זיך צעקריגט מיט דער סאָוועטסקער וואָלאַסט...

מיימאַן: און מע באַזאָרגט זיי ניט?

וואָליגאָרסקי: פאַרשטייט זיך, אַז ניין.

מיימאַן: און ס'לײַדט די גאַנצע באַפעלקערונג? איצט זעט איר שוין דעם פּאָליטישן באַרבאַריזם פון בירגערקריג. הומאַניזם, מענטשן־ליבע, אינטערעסן פון די מאַסן — אַלץ צעטראָטן מיט די פיס. פּאָליטישע פאַרטייען קאָנען זיך צווישן זיך ניט אויסגלײַכן, און צו וועמען לאָזט זיך עס אויס? צו דער פרידלעכער באַפעלקערונג, צו קינדער, צו אַלטע לײַט.

וואָליגאָרסקי: אָט, אָט, טאַקע מעהײַ־טײַמע טו איך עס, טאַקע פון מענטשלעכקײַט וועגן. בעמיילע וועט עס אויך ברענגען דערצו, אַז ס'זאָל באַ זיי אַביסל אָפּגיין דער קאַס אָפּ יידן. זיי וועלן געדענקען, אַז אין אַן ענגער צײַט האָט זיי אַ ייד אַ טויווע געטאָן... פאַרשטייט זיך, איך וועל באַ דעם געשעפט ניט דערלייגן, נאָר דער



איקער אָבער, גלייבט מיר, איז מענטשלעכקײַט. אַ ראַכמאָנעס אָפּ קינדער, אָפּ אַלטע לײַט, זיי זײַנען דאָך טאַקע גאָט די נעשאָמע שולדיק. און איצט, אַז איר ווייסט אין וואָס עס גייט, האָפּ איך, אַז עס וועט ניט זײַן קיין מעניע פאַר אונדזער איניען. זײַט איר מאַסקים, מוסיע מיימאַן?

מיימאַן: מיט אַ ריינעם געוויסן, מוסיע וואָליגאָרסקי, מיט אַ ריינעם געוויסן.

וואָליגאָרסקי: אָבער הײַנט.

מיימאַן: ס'קאָן זײַן הײַנט, מיר וועלן עס הײַנט צופירן. איך פאָר באַלד סײַווי אין שטאָט. צו פאַרנאַכט־צו קאָן עס זײַן, אַ גוטן.

וואָליגאָרסקי: ניין, ניין, וואַרט, זײַט מויכל. נאָך איין מינוט. נאָך אַ קליינינקער איניען. וואָלף! זײַט מויכל, קומט אַרײַן אָפּ אַ רעגעלע, אַ קאָהאָלשע זאַך.

(עס גייט אַרײַן וואָלף.)

מיימאַן: אַנטשולדיקט, מוסיע וואָליגאָרסקי, איך האָב אײַך שוין געזאָגט...

וואָליגאָרסקי: איך ווייס, איך ווייס, מיט פּאָליטיק פאַרנעמט איר זיך ניט, ס'איז ניט קיין פּאָליטיק, וואָס בין איך פאַר אַ פּאָליטיקער? ס'איז אַן אינעווייניקסטע יידישע זאַך. אָט איז דער אַלטער אַרן אויך דאָ. וואַרט צו אַ רעגעלע. (עפנט דאָס פענצטער. שרײַט.) רעב אַרן, קומט, זײַט מויכל, אַהער!

אַרן (פון הינטערן פענצטער): וואָס איז, רעב מוישע?

וואָליגאָרסקי: קומט, זייט מויכל, אריין אף א מינוט.

ארן (גייט אריין): וואָס דארפט איך מיך? עפּעס א פּאָטשינקעלע? מאכאטייסע. ס'איז ניט קיין נארישקייט, און וואָס פריִער, איז בעסער. איר ווייסט דאָך, אז מע לייגט ניט קיין קליינע לאטע, ווערט א גרויסע לאָך.

וואָליגאָרסקי: ניין, ניין, ניט קיין פּאָטשינקעלע.

ארן: ניין, ניט קיין פּאָטשינקעלע? איז אוואדע גוט. איך קען אופנייען נייע אויך, אבי מיט אייער סכוירע. וואָס ווילט איר: שטיוול? שטיוולעטן? דער אַוילעם נייט זיך איצט שטיוול, מע פארשפּאָרט קאלאָשן.

וואָליגאָרסקי: ניט דאָס, ניט דאָס, רעב ארן, מיר דארפן אייך צו א קאָהאָלשן איניען.

ארן: טאָ זאָגט זשע אזוי. מיסטאמע א יאָרצייט? ס'פעלט אייך צו א מיניען?

וואָליגאָרסקי: וואָס עפּעס פאלט אייך איין א מיניען?

ארן: ווייל צו א מיניען איז א שוסטער אויך א מעיוכעס, און צו א מיניען קאָן גיין אין איין שפּאן אן אריסטאָקראט (ווייזט אף מיימאנען) מיט א גוטן־ייִדן און א נאָגיד מיט א שוסטער.

וואָליגאָרסקי: פאראן צייטן, ווען מע דארף גיין אין איין שפּאן ניט נאָר צו א מיניען, ס'מאכט זיך, אז דער קלאל איז דער איקער, און ס'איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן אָרעם און רייך. זעצט זיך, וועלן מיר ריידן.



ארן: אדעראבע, לאָמיר ריידן, כאָטש ס'איז פאראן א גלייכווערטל: א שוסטער רעדט פון דער קאָפּיטע, און א בעקער — פון דער לאָפּעטע.

מיימאן: אף אלץ האָט איר א גלייכווערטל.

ארן: פארוואָס ניט? יעדעס ערטל האָט זיך זיין ווערטל. מע דארף נאָר צוטרעפן. און אז מע זאָגט א גלייכוואָרט, פארשפּאָרט מען ריידן איבעריקס.

וואָלף: ריכטיק, איר ווייסט אליין ניט, רעב ארן, וואָס פאר א טיפן געדאנק איר האָט ארויסגעזאָגט און וואָס פאר א גרויסע אויצרעס פאָלקס־כאָכמע איר טראָגט ארום מיט זיך.

ארן: יעדער מענטש האָט זיך זיינס. א מענטש זאָל האָבן אי כאָכמע, אי געלט, אי אָרנטלעכקייט, דאָס טרעפט זיך זעלטן, אי דאָס ניט אפדערעמעסן, נאָר אין מייסע־ביכלעך.

מיימאן: א ציקאווער ייִד. וואָס־זשע וועט איר אונדז זאָגן, מוסיע וואָליגאָרסקי?

וואָליגאָרסקי: אָט וואָס, ייִדן, איך האָב גענומען אף זיך צונויפקלייבן דאָ כסימעס אף א פּאפּיר, ס'א ייִדישע זאך. איך מיין, אז איר וועט אויך אונטערשרייבן. מיר זיינען דאָך ייִדן... בעקיצער, איך וועל אייך לאנג ניט ברייען... איך וועל גלייך איבערלייענען דאָס פּאפּיר.

ארן: לייענט, כאסמענען זיך איז ניט שווער. א ייִד זשאלעוועט ניט קיין כסימע, אבי ס'קאָסט קיין געלט ניט.

**מיימאַן:** וואָס האָט עס, אייגנטלעך, פאַר א שײַכעס צו מיר?

**וואָליגאָרסקי:** הערט פריִער אויס, מוסיע מיימאַן, מיר זײַנען דאָך עפּעס דעמאָקראַטן, מיט געוואַלט וועלן מיר דאָך בײַ אײַך קיין כּסימע ניט נעמען.

**וואָלף:** עפּשער קאָן מען גיכער, מוסיע וואָליגאָרסקי, איך מוז באַלד פאָרן אין שטאָט אַרײַן.

**וואָליגאָרסקי:** באַלד, באַלד, אָט וועל איך איבערלייענען (לייענט.) „מיר, דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק, פּראָטעסטירן קעגן דעם, וואָס מע האָט אײַנגעפירט אין די ייִדישע שולן אָנשטאָט שאַבעס־רו זונטיק־רו. די דאָזיקע אײַנפירונג שאַפט אָפּ די נאַציאָנאַלע פּערסאָנעלע אווטאָנאָמיע, די פרײַהײַט פון געוויסן און איז א סטירע צום פּרינציפּ פון זעלבסט־באַשטימונג. און דעריבער פּראָטעסטירן מיר קעגן דעם אַפן ענערגישסטן אופן". דאָס גאָר. מע דאַרף, ס'זאָל זײַן וואָס מער כּסימעס, זאָלן זיי זען, אַז ס'רירט אָן דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק.

**אַרן:** זײַט מוחל, רעב מוישע, ווער איז דאָס זיי?

**וואָליגאָרסקי:** וואָס הייסט ווער? די וואָלאַסט, די קאָמוניסטן.

**אַרן:** רעב מוישע, מײַן זון, איז דאָך אויך א באָלשעוויק, מײַן מישע.

**וואָליגאָרסקי:** אָט דאָס איז עס דאָך טאַקע. אין אַזאַ צײַט וואָלטן די ייִדן, דאַכט זיך, געדאַרפט זיצן שטיל. זיך ניט מישן. אײַער זון, זאָגט איר, איז א באָלשעוויק,



נו, איז דאָס גוט? מיט וועמען כאַווערט ער זיך? פרעגט בײַ אים מיט וועמען?

**אַרן:** וואָס האָב איך אים צו פרעגן, ער איז קליגער פון מיר. אויב ער כאַווערט זיך, מינעסטאַם ווייסט ער מיט וועמען.

**וואָליגאָרסקי:** רעב אַרן, ס'איז אַן אייס־צאָרע אַף ייִדן, דאָס ייִדישע פאָלק איז אַרומגערינגלט מיט סאָנים, און פאַר זיי איז קיין כילעק ניט, אָרעם צי רײַך, אַלטע לײַט, יונגע קינדער, זיי האָבן אונדז אַלעמען פײַנט. אין אַזאַ צײַט דאַרפן ייִדן זיך האַלטן אינאיינעם. אײַער זון מוז טאַקע אויסגלײַכן די וועלט? אוקראַיִנצעס, רוסישע, דײַטשן, קיטײַצעס — מוז ער זײַן אין דער מיט, אָן אים וועט קיין טאָלק ניט זײַן? אומעטום זײַנען זיי דאָ, אונדזערע ייִדעלעך! אומעטום מישן זיי זיך, און דערנאָך לאָזט זיך אויס צו ייִדישע קעפּ. איבער אַזוינע, ווי אײַער זון, לײַדט דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק. ווען אַזוינע, ווי אײַער מישע, זאָלן ניט שפּרינגען אין פּאָנעם אַרײַן, וואָלטן גאָר קיינמאָל אַזוינע פּאָגראָמען ניט געווען... יאָ, יאָ, איר זײַנט א טאַטע, איר דאַרפט עס אים זאָגן...

**אַרן:** וואָס? איבער מײַן זון פּאָגראָמען? הערט נאָר, איר? איבער מײַן מישען לײַדן אַלע ייִדן? און איר שטעלט זיך אײַן פאַר זיי? פאַר וועמען שטעלט איר זיך אײַן? פאַר וועלכע ייִדן? פאַר מיר? פאַר מײַנע קינדער?

**וואָליגאָרסקי:** רעב אַרן, איר האָט מיך ניט פאַרשטאַנען.

אַרן: ניין, כ'האָב גוט פארשטאנען, און איך בעט אײַך ניט, איר זאָלט זיך אײַנשטעלן פאר מיר. בא א מענטשן עפנט זיך דאָס מויל אפ מײַן מישען! זאָלן זיי זאָגן (צו וואָלפן און מיימאנען.) איר קענט דאָך מישען? (צו וואָליגאָרסקין.) איך וויל ניט, איר זאָלט זיך אײַנשטעלן פאר מיר, איר הערט? איר זײַנט טאקע רעב מוישע וואָליגאָרסקי, דער גרויסער גוויר, און איך בין ניט מער, ווי א קאפצן...

וואָליגאָרסקי: רעב ארן, איצט האָבן מיר זיך שוין, דאנקען גאָט, אויסגעגלײַכט...

אַרן: אויסגעגלײַכט? איר מיט מיר? נו, יאָ, ניט אומזיסט נעמט איר זיך שוין באַדײַ אָן די קריוודע פונעם גאנצן יידישן פאָלק! און איך זאָל כאסמענען אײַערע פאפירן! ניין, איר האָט ניט געטראָפן דאָס אָרט.

(אָפּ.)

וואָליגאָרסקי: יאָ, ס'האָט זיך עס געעפנט א מויל בא זיי! מע רעדט מיט אים, ווי מיט א מענטשן, אזא לאטוטניק! מיילע, מיר וועלן שוין אויסקומען אָן אים. וואָס זאָגט איר, כאווער וואָלף, איר זײַנט דאָך עפּעס א לערער, ס'גייט וועגן דער שול טאקע, דאָס הייסט וועגן די יידישע שולן.

וואָלף: צום באדויערן, קאָן איך ניט אונטערשרײַבן דעם פראָטעסט.

וואָליגאָרסקי: איר? איר קאָנט ניט? פארוואָס?



וואָלף: ווײַל, ערשטנס, האלט איך ניט, אז ס'איז א גזיירע, און, צווייטנס, וויל איך ניט פראָטעסטירן קעגן דער ראטנמאכט.

וואָליגאָרסקי: וואָס זשע? איר זײַנט שוין עפּשער אויך א קאָמוניסט?

וואָלף: ניין, איך בין ניט קיין קאָמוניסט, נאָר די ראטנמאכט איז דאָך די איינציקע מאכט, וואָס קעמפט אפדערעמעסן קעגן פּאָגראָמען, זי ראטעוועט פון אומקום טויזנטער יעסוימים, אונדזער גוירל איז איצט פארבונדן מיטן גוירל פון דער ראטנמאכט. אויב זי וועט ניט זײַן, וועלן מיר אויך ניט זײַן.

וואָליגאָרסקי: יאָ, יאָ, איר האלט שוין ווײַט.ווילט איר ניט אונטערשרײַבן?

וואָלף: איך קאָן ניט.

(אָפּ.)

וואָליגאָרסקי: גוט. און איר, מוסיע מיימאן? וואָס וועט איר זאָגן? איר הערט און שווײַגט.

מיימאן: וואָס האָב איך צו זאָגן. מיך, אייגנטלעך, גייט עס אינגאנצן ניט אָן. איך בין ניט רעליגיעז.

וואָליגאָרסקי: רעליגיע איז א פּריוואט־זאך?

מיימאן: נו, יאָ, איך האלט, אז דאָס יידישע פאָלק דארף זיך אסימילירן, און אויב ס'האָט זיך נאָך ביז איצט ניט אסימילירט, איז עס א היסטאָרישער ליאפּסוס, ס'איז רעאקציאָנער.

וואָליגאָרסקי: ווילט איר זיכ אויכ ניט אונ־טערשרײַבנ?

מיימאנ: ניינ, דאָס האָב איכ ניט געזאָגט. איכ גיב מײַנ כסימע פּרינציפּיעל. מיכ אינטערעסירט ניט אײַער פּערסאָנעלע אווטאָנאָמיע.

וואָליגאָרסקי: אונ מיכ, מיינט איר, אינטערעסירט זי?...

מיימאנ: נאָר דער דעקרעט איז בעפּיירעש קעגנ פרײַהײַט פונ געוויסנ, אונ איכ פּראָטעסטיר קעגנ דעמ פּרינציפּיעל. (שרײַבט אונטער.)

(עס קומט אָנ סאַשע.)

סאַשע: א, קאָלעגע מיימאנ, וואָס הערט זיכ? וואָס מאכט איר? איר דינט געטרײַ דער ראטנמאכט?

מיימאנ: איכ דינ דעמ פאָלק, ניט דער ראטנמאכט. אונ וואָס הערט זיכ בײַ אײַכ? איר דינט געטרײַ דער וויסנשאפט?

סאַשע: אנ אנדער ברירע האָב איכ? ווער פאַר־נעמט זיכ איצט מיט דעמ, וואָס ער וויל? איר ווייסט, מיסטאמע, אז איכ האָב זיכ פירגענומענ גאָר אנ אנדער קאריערע.

מיימאנ: יאָ, איכ ווייס, פאַר דער ציַיטווײַליקער רע־גירונג זײַנט איר געווענ אינ דער ארמיי, דאכט זיכ, א פּראָפּאָרשטשיק.



סאַשע: א פּאָדפּאָרוטשיק.

מיימאנ: אזוי?

סאַשע: יאָ, יאָ, א פּאָדפּאָרוטשיק. מיר איז פאָרגע־שטאנענ א גלענצנדע מיליטערישע קאריערע, די קאָמאנ־דירונג האָט געהאלטנ פונ מיר, ווענ ניט די באָלשעוויקעס... זיי האָבנ כאָרעוו געמאכט די ארמיי.

מיימאנ: זיי האָבנ כאָרעוו געמאכט די גאנצע ציווי־ליזאציע. מיר קערנ זיכ אומ צומ מיטלאלטער. אגעוו, איר האָט שוינ געהערט, מיסטאמע, די לעצטע נײַס — דעניקינ איז שוינ אונטער כארקאָוו.

וואָליגאָרסקי אונ סאַשע: ס׳איז טאקע אנ עמעס?!

מיימאנ: אזוי זאָגט מענ, אונ איר ווייסט, ס׳איז דאָ זיכערע יעדיעס, אז מיט דעניקינענ גייט אנ עמעסע דעמאָ־קראטישע מאכט. אינ אלע שטעט, ווו ער קומט, שטעלט ער אופ די אָרטיקע זעלבסטפארוואלטונג, פרײַהײַט פונ וואָרט, פרײַענ האנדל.

וואָליגאָרסקי: אונ ייִדנ?

מיימאנ: נו, פונ דעמ איז אָפּגערעדט, גלײַכע רעכט. איר ווייסט דענ ניט, אז אינ דער פרײַוויליקער ארמיי איז דאָ א סאכ ייִדישע אָפיצערנ?

וואָליגאָרסקי: ס׳איז גאָר ניט קיינ כידעש, פאַר־וואָס טאקע ניט?

מיימאנ: יאָ, יאָ, ס׳איז א פאקט. מע זאָגט, אז דאָס בעסטע אונ דאָס שענסטע, וואָס איז געווענ אינ דער

רוסישער ארמיי, האָט זיך איצט קאָנצענטרירט אין דער פּראַוואָליקער ארמיי. נו, א גוטן, לאָמיר האָפן אפ בעסערע צײַטן.

וו אָ ל י ג אָ ר ס ק י: א גוטן.

(מײַמאַנג אָפּ.)

ס א ש ע: האָסט געהערט?

וו אָ ל י ג אָ ר ס ק י: וואָס?

ס א ש ע: וועגן דער פּראַוואָליקער ארמיי.

וו אָ ל י ג אָ ר ס ק י: זון מײַנער, פונדערוווײַטנס ווײַזט זיך אמאָל אויס אפילע אפ א געשטופּלט פּאָנעם, אז ס'איז גלאַט...

ס א ש ע: דאָס באָלשעוויסטישע פּאָנעם געפעלט דיר בעסער?

וו אָ ל י ג אָ ר ס ק י: רייד ניט קיין נארישקײַטן, סאשע, דו זעסט דען ניט, אז די באָלשעוויקעס זײַנען שוין ניט קיין היגע? מע רײַסט פון זיי שטיקער, ווער ס'האָט נאָר גאָט אין הארצן.

ס א ש ע: ווער ס'האָט נאָר גאָט אין הארצן, און וואָס האָבן מיר אין הארצן? איך דארף זיצן אוןווארטן אפן גרייטן.

וו אָ ל י ג אָ ר ס ק י: זון מײַנער, זיצן און ווארטן דארף מען אויך קענען, און א מענטש, ווו ער זאָל ניט זיצן, קאָן ער צונוץ קומען.



ס א ש ע: און איך וויל ניט אזוי. גענוג! איך האָב באַשלאָסן, אז איך פאָר, און פארטיק. איך גיב דיר מײַן אָפּיצעריש וואָרט, פארשטייסט?

וו אָ ל י ג אָ ר ס ק י (צופרידן): איך פארשטיי, מײַן זון. זאָל זײַן אזוי. אָבער דו קאָנסט דאָך צווווארטן, ביז זיי וועלן קומען אהערצו.

ס א ש ע: אזוי? זיצן און ווארטן? מע וועט אונדז זאָגן א דאנק דערפאר. נו, וואָס פאר אנונג האָסטו פון אָפּיצערישער ווירדע און פון מיליטערישער ערע? איך פאָר מאָרגן, צי דו ווילסט, צי דו ווילסט ניט.

וו אָ ל י ג אָ ר ס ק י: אפילע מאָרגן? וואָס איז אזוי דאָס כאַפּעניש?

ס א ש ע: ווײַל איך קאָן מער ניט זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט. און, צווייטנס, האָב איך ערשט באַגעגנט דעם קאָמענדאנט אין וואלד, און ער האָט מיר געייצעט, איך זאָל אוועקפאָרן פונדאנען. מיסטאמע ווייסט ער.

וו אָ ל י ג אָ ר ס ק י: דער קאָמענדאנט האָט דיר געייצעט? ער ווייסט, פארשטייט זיך, ער ווייסט. עפשער ביסטו גערעכט, אָבער וואָס וועט די מאמע זאָגן?

ס א ש ע: איך בין שוין א גרויסער, טאטע, ס'איז שוין באַ מיר אויסגעוואקסן וואָנצן.

---

## דאָס דריטע בילד

(בא ארענע אפ דער וועראנדע. ארנ ארבעט אונ זינגט. אפנ הינטערשטנ פלאנ וואָליגאָרסקיס וועראנדע)

אוי, דאלעסל,
אוי, דאלעסל,
נאָ, נאָ, נאָ,
אינ אלע ווינקעלעכ
ביסטו דאָ.
וואָלט איכ דיר געהאָלפנ,
האָב איכ ניט פונוואנענ.
בעט איכ דיכ, דאלעסל,
פארנעמ זיכ פונדאנענ...

(עס קומט אָנ ליובע.)

ארנ: פונוואנענ איז, טאָכטער?

ליובע: פונ וואלד.

ארנ: וואָס זשע? ביסט געגאנגענ כאפנ פרישע לופט, צי קלײַבנ יאגעדעס? איז, דאכט זיכ, נאָכ צו פרי...

ליובע: איכ בינ זיכ דורכגעגאנגענ א ביסל.

ארנ: אוואדע מיט דעמ סטודענט?

ליובע: יאָ, מיט סאשענ.



ארנ: עפעס ביסטו מיט אימ צו פאניבראט געוואָרנ.

ליובע: איז וואָס ארט דיכ?

ארנ: מיכ ארט ניט, אינ דײַנע יאָרנ איז שוינ קיינ כידעש ניט, אז א מיידל פארקוקט זיכ אפ א באָכער, נאָר דער כעוורעמאנ געפעלט מיר ניט. דאָס גאנצע באָכערל איז מיר דערווידער.

ליובע: וואָס האָסטו צי אימ?

ארנ: איכ האָב צו אימ גאָרניט. נאָר א נאָגיד, אז ס'פארגלוסט זיכ אימ עפעס, מיינט ער, אז ס'קומט אימ, אונ פונ גרויס זאטקײַט פארזוכט ער נאָר אונ ווארפט אוועק.

ליובע: האָסט א טאָעס, טאטע, סאשע איז ניט אזא, דו קאָנסט אימ ניט...

ארנ: אוואדע קענ איכ אימ ניט, ווי קומ איכ זיכ קענענ מיט סטודענטנ. דערפאר אָבער קענ איכ די געזע זײַנע.

ליובע: איז וואָס?

ארנ: איז גאָרניט. איכ בינ א פאָשעטער ייִדישער שוסטער אונ ער איז אײַנגעטונקענ אינ ייִכעס. א קליי־ניקײַט: סאָכרימ, פײַנע־ייִדנ, פולע קלייטנ, אָנגעשטאָפטע טײַסטערס. פארשטייסט, דער ייִכעס געפעלט מיר ניט.

ליובע: מאלע וואָס דער ייִכעס. דער טאטע קאָנ זײַנ אזא, אונ דער זונ עפעס אנדערש.

ארנ: דאָס ביסטו דאפקע גערעכט, כאָטש ס'איז פא־ראנ א ווערטל: „אז ס'קומט ארויס פונ א קאַץ, מאכט עס

מיאו". און עפּשער האָב איך אַ טאָעס, נאָר איך וואָלט אַ באַלנ געווען, זאָלסטו זיך האַלטנ אַ ביסל ווײַטער פון אים.

ליובע: נו, גוט, אַז דו ווייסט ניט, דאַרפסטו זיך ניט מישן.

ארנ: אַוואַדע דאַרף איך זיך ניט מישן, נאָר אַז אַ טאָכטער קריכט אינ בלאָטע אַרײַנ, מעג, דאַכט זיך, דער טאַטע איר זאָגנ, אַז זי זאָל ניט אײַנשמירנ די שיך.

ליובע: איך וויל ניט, דו זאָלסט מיר זאָגנ, פאַר־שטייסט?

ארנ: איך פאַרשטיי, און מישע איז, מינאַסטאַמ, אויך אינ וואַלד?

ליובע: ניינ, מישע איז אַפנ טײַך, אַפ אַ שיפל מיט נאַטקענ.

ארנ: אַפנ טײַך? אויך ניט קיינ שלעכט אָרט. פונעמ טײַך, אַז גאָט וועט העלפנ, קאָנ ער מיר ברענגענ גאָר־דייענ פאַר אַ מעכוטנ. סע פעלט דאָך מיר אַ קריסט אינ דער מישפּאָכע.

ליובע: וואָס זשע טשעפּעסטו זיך צו מיר? פאַר־וואָס זאָגסטו ניט מישענ?

ארנ: וואָס? דו גלײַכסט זיך צו מישענ! מישענ קיינ דייע וועל איך ניט גיינ זאָגנ, אַפ מישענ פאַרלאָזט מענ זיך מיט גרעסערע זאַכנ. (רויִקער) און שטילערהייט וועל איך דיר זאָגנ, אַז טאָמער, כאָלילע, יאָ, איז דאָך נאַטקע אַ טײַער קינד, אַזאַ יאָר אַפ מיר. נאָר כוץ אַלעמענ, טאָכטער, ביסטו ניט גלײַך צו מישענ. מישע איז אַ באָכער, און דו ביסט אַ מיידל.



ליובע: איז וואָס, אַז איך בינ אַ מיידל?

ארנ: אַ מיידל, טאָכטער, איז אַ ציטעריקע מאַטעריע, אַזויווי זײַד אָדער אַטלאַס, מע טאָר אַפ דעמ קיינ פלעק ניט לאָזנ פאַלנ. אָט דערפאַר זאָג איך דיר.

ליובע: אָבער אַז איך וויל ניט, דו זאָלסט מיר זאָגנ!

ארנ: ווילסט ניט, איז ניט! וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגנ, האָב איך שוינ אָפּגעזאָגט. איצט טו דיר, ווי דו פאַרשטייסט.

ליובע: איך ווייס אַליינ, וואָס איך האָב צו טונ (אָפּ אינ שטוב.)

(עס לויפט אַרײַנ גאָרדיי, גלײַך צו ארנס ווערַאַנדע.)

גאָרדיי (צו ארענענ): מישע איז דאָ? ער איז געקומענ? ער איז נאָך ניט געקומענ?

ארנ: ניינ, וואָס איז?

גאָרדיי: גאָרנישט. איך דאַרף נאַטענ. זי איז מיט אים אַוועק שפּאַצירנ. אַז זי וועט קומענ, ארנ, שיקט זי צו אַהיימ, באַלד זאָל זי גיינ אַהיימ.

ארנ: וואָס איז מיט אײַך? איר זײַט עפּעס צע־טראָגנ?

גאָרדיי: גאָרנישט. זאָל זי באַלד גיינ אַהיימ, אַ גוטנ (קערט זיך אומ.) און מישע זאָל אַוועקפאָרנ, איר הערט?

ארנ: אַוועקפאָרנ? וואָס אַרט אײַך, אַז ער איז דאָ?

גאָרדיי: וואָס אַרט מיך? אַ ייִד מוז דיר שטענדיק איבערפרעגן. ס'אַרט מיך ניט, נאָר זאָל ער אוועקפֿאָרן וואָס גיכער, איר הערט?

(אָפּ.)

ארנ: ער איז דול צי ער איז מעשוגע! ס'זײַנן דײַגע, ווען מישע זאָל פֿאָרן? שוין אויך, מיסטאַמע, זיך אָנגע־שמעקט מיט די פּעטליורישע שטיק. אפֿאָנעם, אַז ס'רעגנט, רעגנט אומעטום.

(עס קומט אָן נאַטע מיט מישען.)

גאָרדיי (לויפֿט זיי אַנטקעגן): איך האָב אײַך אויסגע־זוכט דעם גאַנצן וואַלד, ווו זײַנט איר געווען?

נאַטע: מיר האָבן זיך געשיפּט, מיר זײַנען געווען אויש בײַ נײַ־מיכײַלאָווקע.

גאָרדיי: ווו? בײַ נײַ־מיכײַלאָווקע? דאָרט? נאַטע, גיי אַהיים. איך הייס דיר ניט אַרויסגיין, זיץ אין שטוב.

מישע: פֿעטער גאָרדיי.

גאָרדיי: פֿעטער גאָרדיי! נו, וואָס ווילסטו פֿונעם פֿעטער גאָרדיי? קענסט ניט ריידן?

מישע: איר זײַט בארויגעז?

גאָרדיי. וואָס עפּעס בארויגעז? וואָס טראַכסטו אויס?

מישע: אַז איר זאָגט מיר ניט קיין גוט־מאָרגן.

גאָרדיי: נו, גוט־מאָרגן דיר, איצט ביסטו שוין צו־פֿרידן?



מישע: ניט דאָס, פֿעטער גאָרדיי, נאָר מיר האָבן זיך שוין לאַנג ניט געזען.

גאָרדיי: גוט, גוט, אַבי מיר זעען זיך איצט. דו קענסט מיך, מישע?

מישע: אָט האָסטו דיר. שוין, דאַכט זיך, אַ פּאָר צענד־ליק יאָר, אַז מיר זײַנען באַקאַנט.

גאָרדיי: נו, און דו גלייבסט מיר?

מישע: וואָס איז מיט אײַך, פֿעטער גאָרדיי?

גאָרדיי: וואַרט צו, אויב דו גלייבסט מיר, טאָ פֿאָר הײַנט אַוועק פֿונדאַנען, דו הערסט?

מישע: אַוועקפֿאָרן?

גאָרדיי: יאָ.

מישע: וואָס זשע? ווילסטו, אפֿאָנעם, וואָס גיכער פּאָטער ווערן פֿון נאַטקען?

גאָרדיי: ניין, נאַטע וועט מיט דיר ניט פֿאָרן.

נאַטע: האָסט דאָך אַליין געזאָגט.

גאָרדיי: און איצט וויל איך ניט. (צו נאַטען.) וועסט בלײַבן דאָ. קום!

מישע: גאָרדיי!

(פֿונוויַיטן הערט זיך דאָס קלינגען פֿון טראַמווײַ.)

גאָרדיי: מישע, רייד מיט מיר ניט. אָט איז אַ טראַמ־ווײַ, גיי פֿאָר אין שטאָט. מער וויל איך דיר גאָרניט זאָגן. (צו נאַטען) קום! (אָפּ.)

(וואָלף מיט אַ פּעקעלע לויפֿט צום טראַמווײַ.)

וו ו ל פ: א, מישע! וואָס מאכסטו? וועסט דאָ נאָכ זייַנ אינ אָוונט?

מ י ש ע: יאָ, לערער וווּלפ, איכ וועל דאָ הייַנט נעכטיקנ.

וו ו ל פ: נו, וועלנ מיר זיכ זענ. א שאָד, א שאָד, כ'מוז באלד פאָרנ אינ שטאָט אַרייַנ, געדארפט זיכ אביסל דורכ־שמועסנ. נו, א גוטנ!

מ י ש ע: וואָס מאכט איר, לערער וווּלפ?

וו ו ל פ: וואָס זאָל איכ מאכנ? ס'איז ניט פריילעכ. הא, מישע? זייער ניט פריילעכ. נו, א גוטנ. מירנ זיכ זענ אינ אָוונט.

(גייט גיכ, אנטקעגנ אימ אנטאָנ.)

א נ ט אָ נ (שיקערלעכ): וווּהינ איז, פאני וווּלפ? צום טראמ־וויַי? פאָרנ? פאָרט ניט, בלייַבט דאָ, פאני וווּלפ. באהאלט זיכ. אלע באהאלט זיכ! וואָס שטייט איר דאָ?

מ י ש ע: וואָס מאכסטו, אנטאָנ?

א נ ט אָ נ: זע נאָר, דו ביסט אויכ דאָ? באהאלט זיכ. פעטליורעס גייענ. וואָס מיינסטו, מע וועט קוקנ אפ דיר? מיט קאָמוניסטנ איז בא זיי איינס אונ צוויי. (דערזעט וואָליגאָרסקינ אפ דער וועראנדע.) אהא! וואָליגאָרסקי! האָסט נאָכ עפעס? באהאלט, באהאלט, פארשליסט! — איצט וועט מענ אויס־טרייבערנ אינגאנצנ. פעטליורעס גייענ! ארום אונ ארום דער שטאָט פעטליורעס, אליינ געזענ מיט מייַנע אויגנ, מיט טשיפעקעס!



מ י ש ע: ביסט שיקער, אנטאָנ.

א נ ט אָ נ: איכ בינ שיקער! אליינ ביסטו שיקער, איכ בינ אלעמאָל ניכטער.

מ י ש ע: גיי שלאָפ זיכ אויס!

א נ ט אָ נ: ייִדליק דו! וואָס איז דייַנ דייַגע, אז איכ האָב געטרונקענ! ס'איז אונדזער סאמאָהאָנ, פונ פויערשנ קאָרנ, פארשטייסט? ייִדנ, באהאלט זיכ! (ווארפט זיכ אפ וווּלפנ.) מארש! מארש! אלע קאָמוניסטנ, מארש פונדאנענ!

(גאָרדיי לויפט ארויס.)

ג אָ ר ד י י: וואָס טוט זיכ דאָ? שוינ ווידער זיכ אָנגע־טרונקענ!

(מישע אינ גאָרדיי כאפנ אנטאָנענ. ער רייַסט זיכ.)

א נ ט אָ נ: לאָזט! ייִדליקלעכ!ווארט, אָט וועלנ קומענ די הייַדאמאקעס! זיי גייענ שוינ. איכ וועל דערציילנ. מיינסט, איכ ווייס ניט, אז דו ביסט א קאָמוניסט?

מ י ש ע: נעמ אימ, גאָרדיי, לאָמיר אימ ארייַנפירנ אינ שטוב אַרייַנ. איכ וועל דיר געבנ א דערציילנ! קומ אינ שטוב ארייַנ. (זיי פירנ אימ.)

ג אָ ר ד י י: דו הערסט, מישע?

מ י ש ע: וואָס זאָל איכ הערנ?

ג אָ ר ד י י: וואָס בא א ניכטערנ אפנ לונג, איז בא א שיקערנ אפנ צונג.

מ י ש ע: מיר ווייסנ אויכ אביסל, וואָס דאָ טוט זיכ. מיינסט, אומזיסט בינ איכ געקומענ אהער?

גאָרדיי (שטעלט זיך אָפּ): ביסט צוליב דעם געקומען?

מישע: צוליב אנדערע זאכן, נאָר צוליב דעם אויך. האַלט! ער וועט זיך ארויסרײַסן!

אנטאָן: כא־כא־כא! דו ווייסט ניט, איך ווייס. מיט לאַנגע טשיפּעקעס. ס'וועט זײַן א בונט. (זינגט):

טשובאַריקי, טשובטשיקי.

פאָרהאַנג.

# צווייטער אקט

## דאָס ערשטע בילד

(אין אָוונט, באַם הויף פון דער אָרטיקער עלעקטרישער סטאַנ־ציע. מיכײַלאָוו און פאַוולאָווסקי)

מיכײַלאָוו: אינגאַנצן צוגענומען?

פאַוולאָווסקי: אינגאַנצן, וויפל ס'איז געווען, מאָרגן וועט שוין ניט זײַן מיט וואָס צו הייצן.

מיכײַלאָוו: און ווו איז געווען דער זאַווקאָם? ווו ביסטו געווען, וואָס האָט איר געלאָזן?

פאַוולאָווסקי: איך? כ'האָב געשריִען, כ'האָב זיך געזידלט.

מיכײַלאָוו: גוט, וואָס דו קענסט זיך זידלען, און מיט א שײַט האָלץ איבערן קאָפּ האָסטו ניט געקענט?

פאַוולאָווסקי: אונטער די אויגן ביסטו א העלד. דער קאָמענדאַנט אַליין איז געקומען מיט רויטאַרמייער.

איך שרײַ, אז ער האָט קײנ רעכט ניט, שרײַט ער נאָך העכער און שטופּט מיר עפּעס אנ אָרדער אינ פּאָנעם ארײַנ. זאָג איך: איך שפּײַ אפ דײַנ אָרדער. װײַזט ער מיר, אז די רויטארמײער האָבנ בעסערע שפּײַערס, אפ די ביקסנ, הײסט עס. זאָגסטו א שײַט האָלץ! כ'האָב א שפּײַ געטאָנ און איך בינ אװעקגעגאנגענ.

מיכײַלאָװ: שרײַ איך, שרײַט ער, אבי דו קענסט זיך שפּײַענ, אסאך קאָנסטו אופּטונ מיט דײַנ ניכטערנ שפּײַעכץ. דו װײסט, װאָס הײסט אפ א פּאָר טעג אָפּשטעלנ די סטאנציע? ער האָט א שפּײַ געטאָנ! און אז מע װעט קומענ בא דיר צונעמענ דײַנ װײַב צי דײַנ קינד, װעסטו אויך א שפּײַ טונ און אװעקגײנ? ער האָט זיך איבערגעשראָקנ פארנ קאָמענדאנט! ער איז א באַלעבאָס אפ דער סטאנציע?

פּאװלאָװסקי: און דו ביסט אפ מיר א באַלעבאָס? װאָס שרײַסטו אפ מיר? גײ דו שלאָג זיך מיט אים.

מיכײַלאָװ: כ'װעל זיך שלאָגנ, װאָדענ מײנסטו? אזוי װי דו? מיר װעלנ הײַנט רײדנ װעגנ דעם אפ דער זיצונג. אויב דו קענסט זיך ניט שלאָגנ, טויגסטו אפ א פּארקאנ אונטערצושפּארנ, ניט ארבעטנ אינ אנ עלעקטרישער סטאנציע. מע דארפ שיקנ רופנ דעם קאָמענדאנט אפ דער זיצונג. מיר װעלנ מיט אים א שמועס טונ, זאָל ער מאָרגנ צושטעלנ האָלץ.

פּאװלאָװסקי: איך האָב װעגנ דער זיצונג אים שוינ איבערגעגעבנ. דו װײסט, װאָס איך װעל דיר זאָגנ,



מיכײַלאָװ, די גאנצע װאָלינקע געפעלט מיר ניט. ס'איז עפּעס ניט גלאַט.

מיכײַלאָװ: ניט גלאַט? דו װאָלסט געװאָלט, ס'זאָל זײַנ גלאַט, אויסגעשליפנ, מיט פּוטער אָנגעשמירט. ס'א רעװאָליוציע, דו פארשטײסט, ניט קײנ שליט־װעג!

פּאװלאָװסקי: הער שוינ אופ, מיכײַלאָװ, דו ביסט דאָך נאָך גאָר ניט אזוי אלט, װאָס דו האלטסט אינ אײנ בורטשענ.

מיכײַלאָװ: דאָס איז דאָך טאקע, איך בינ שוינ אנ עלטערער מענטש, נאָר בא מיר װאָלטנ זײ קײנ שפּענדל ניט גענומענ.

(עס קומט אָנ סערגײ. ער זינגט און שפּילט אפ א באַלאַלײַקע.)

פּאװלאָװסקי: װער גײט?

סערגײ (זינגט): ס'איז איך אלײנ, און מיט מיר גײט מײַנ באַלאַלײקע.

מיכײַלאָװ: דו ביסט אלײנ א באַלאַלײַקע, װאָס שלעפּסט זיך ארום אזוי שפּעט? פונװאַנענ גײסטו עס אזוי פרײלעך?

סערגײ: פונ איר, פונ מײַנ מײדעלע. דו געדענקסט פּאװלאָװסקי, איך האָב דיך באקענט מיט איר? (זינגט).

Коло млина Кремінна
Зацвіла калина...
Захотіла в саду спати
Молода дівчина...

פּאװלאָװסקי: די ביסט געװענ אינ דאָרפ?

**סערגיי**: אין סאמע דאָרף. וואָס דאָרט טוט זיך, ברידערלעך מײַנע! איר ווייסט גאָרניט? ניין? וועל איך אײַך דערציילן. איך ווייס אלץ. אז זי ווייסט, ווייס איך שוין אויך, וואָס קרימסטו זיך, פאוולאָווסקי? זײַ זיך מוידע, אז דו ביסט מיר מעקאנע. נאָר, ברודערל, דו האָסט א ווײַב, טאָ פארקוק זיך ניט אף קיין מיידלעך. (זינגט):

А як вона захотіла,
Межи ябулками
Мала вона розмовоньку
З трьома козаками...

**מיכײַלאָוו**: הער אופ זשומען, דו ווילסט דאָך עפעס דערציילן.

**סערגיי**: דערצייל איך דאָך. מאָרגן טרעט ארויס די באנדע פון די נאָענטע דערפער. פאקט. איר זאָלט א קוק טון, ברידערלעך, וואָס דאָרט טוט זיך. העט, שרײַען זיי, פון אוקראַינע, העט קיין מאָסקווע!

**מיכײַלאָוו** (קרימט נאָך). פאקט! וואָס־זשע ביסטו אזוי פריילעך?

**סערגיי**: וואָס דארף איך וויינען? זאָלן זיי ארויס־טרעטן. אז זיי גראָבן הינטן ארום, ווי די שטשורעס, איז בעסער? מע וועט זיי אזוי אָנברעכן די ביינער, אז זיי וועלן זיך קיינמאָל ניט צונויפוואקסן.

**פאוולאָווסקי**: ווער וועט זיי אָנברעכן? עפשער דו? זיי וועלן דיר ארײַנשיטן א פּאָר מייעס שאָמפּאָלן, וועסטו זיך קראצן.



**סערגיי**: דאָס ניט. איך וועל נאָר דערהערן, אז זיי גייען, נעם איך די פיס אף די פלייצעס און הײַדא אין שטאָט ארײַן, אין דער רויטער ארמיי. פארשטייסט שוין, פארוואָס איך בין פריילעך, זיירע מיכײַלאָוו? אז איך האָב זיך געבעטן אין דער רויטער ארמיי, האָסטו מיך ניט אָפּ־געלאָזן, איצט נעם איך בא דיר אורלויב פון דער סטאנ־ציע און איך גיי אין דער רויטער ארמיי. מאָרגן גאנצפרי נעם איך דאָס פעקל.

**פאוולאָווסקי**: אויב ס'איז אן עמעס, וועלן מיר דאָ זײַן אזויווי אין א פאסטקע. מישע ווייסט כאָטש דערפון?

**סערגיי**: מיסטאמע ניט. מ'דארף אים זאָגן, ער זאָל באצײַטנס אוועקפאָרן פונדאנען.

**מיכײַלאָוו**: דו מיינסט, אז מישע טראכט אויך נאָר וועגן זיך, אזויווי דו? קומט! ביז דער פארזאמלונג לאָמיר צוגיין צו מישען. מיר וועלן אינאיינעם באטראכטן, וואָס צו טון.

## דאָס צווייטע בילד

(אין גאס, אזוי ווי אין ערשטן בילד, ערשטער אקט.)

**ליובע**: אף לאנג, סאשע?

**סאשע**: ניט אף לאנג, פענעלאָפּע אף אָדיסייען האָט געוואַרט מערער.

**ליובע**: פארוואָס־זשע ווילסטו מיר ניט זאָגן וווהין?

ס א ש ע: דאָס טאָר קיינער ניט וויסן.

ל י ו ב ע: אפילע איך.

ס א ש ע: אפילע דו. דו טאָרסט אוואדע ניט וויסן!

ל י ו ב ע: דו גלייבסט מיר ניט?

ס א ש ע: נײַן דערפאר, ליובקע, איך גלייב דיר, נאָר, אז דו וועסט וויסן, וועסטו זײַן אומרויִק, וועסט שטענדיק איבערטראכטן און וועסט האָבן יעסורים. דײַן רו איז מיר טײַער, מיידעלע, דײַנע ליכטיקע אויגן זאָלן קיינמאָל ניט טונקל ווערן, דײַן קליין הערצעלע זאָל זיך קיינמאָל ניט וואָרפן.

ל י ו ב ע: דו שרעקסט מיך, סאשע, איצט וועל איך זײַן נאָך אומרויִקער. שוין בעסער, אז איך וועל וויסן. דו פאָרסט אפן פראָנט, סאשע, אין דער רויטער ארמיי.

ס א ש ע: עפשער, מיידעלע, ס׳קאָן זײַן, אז אפן פראָנט. אויב מע וועט דארפן, ליובקע, איז אפן פראָנט, אפ די פאָדערשטע פאָזיציעס. א מאנצביל טאָר ניט אנטלויפן פון א סאקאָנע. ניט אזוי, טײַערע?

ל י ו ב ע: איך וועל בענקען, ס׳וועט מיר זײַן אזוי אומעטיק.

ס א ש ע: בראווא, איצט רעדסטו אזויווי א פרוי, ליובקע. א פרוי גייט ווינציק אָן די גאנצע וועלט מיט אלע אירע געשעענישן. אלץ מעסט זי מיט זיך: צי איז איר אומעטיק, צי פריילעך, צי זי בענקט, צי זי איז צופרידן. מיידעלע מײַנס, אוואדע וועסטו בענקען. און אז דו וועסט זיך דערבענקען און איך וועל קומען צוריק



און איך וועל זיך א שטעל טון פאר דיר, די האנט צום קאָזיראָק: גרייט צו דינען! שטעלסט זיך פאָר די פרייד פון אונדזער באגעגעניש.

ל י ו ב ע: דו ביסט ניט גערעכט. כ׳ווייס, וואָס ס׳קומט פאָר. ניט אלץ פארשטיי איך, נאָר איך ווייס, אז מע דארף ניט פאָרן, סאשע, כ׳האָב מוירע. דו ווייסט, וואָס עס טוט זיך איבן גאנצן לאנד, אין די דערפער?

ס א ש ע: איצט רעדסטו שוין גאָר ווי א גרויסע. וואָס ווייסטו, ליובקע, וואָס ס׳טוט זיך? דו ביסט א נארעלע, און דערפאר וועל איך דיך נאָכאמאָל א קוש טון. איצט ביסטו א כאכאָמע, דו קושסט זיך אזוי קלוג, ווי דו וואָלסט געהאט א געבוירענעם טאלאנט דערצו. נאָר פון לאנד און דערפער און פון נאָך אזוינע זאכן זאָלסטו בעסער ניט ריידן. אָטסטאַוויט! זײַ ניט קיין פאָפוגײַעלע, ליובקע!

ל י ו ב ע: און דו וועסט מיך ניט פארגעסן, סאשע?

ס א ש ע: אָט אזוי רייד, דאָס איז דאָך בא דיר דער איקער... פאר דעם האָסטו דאָך מוירע. נו, נו, זײַ ניט בארויגעז, אזוי דארף זײַן, אז מע האָט ליב. געדענק־זשע, קיינעם ניט דערציילן! אפילע מישען ניט. דו הערסט? שווער זיך.

ל י ו ב ע: איך שווער.

(אָפּ.)

(לעבן גאָרדייס שטוב. גאָרדיי, מישע).

גאָרדיי: איצט גיי אוועק, האָסט בא מיר אַלץ אויסגעפרעגט, טאָ גיי, און מיך זאָלסטו ניט אַרייַנמישן... פאַרשטייסט? זאָלסט קיינעם ניט דערציילן.

מישע: דאָס קאָן איך דיר ניט צוזאָגן, גאָרדיי.

גאָרדיי: קאָנסט ניט, איך פאַרשטיי... דו ביסט אַ פאַרטיי־מענטש. אָבער זאָל קיינער ניט וויסן, אַז עס גייט פון מיר, אַז איך האָב דיר דערציילט.

מישע: דאָס זאָג איך דיר צו. וואַרט נאָר, און אַף דער מאָביליזאַציע, וואָס די באַלעגופים האָבן געמאַכט, זייַנען אַסאַך פויערים געקומען?

גאָרדיי: מערער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. זיי האָבן הייַנט געכאַפּט דרייַ יינגלעך, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן פון דער מאָביליזאַציע, און מע האָט זיי געשמיסן לעבן קלויסטער. דאָס גאַנצע דאָרף ציטערט פאַר זיי, ווי פאַר אַ מאַגייפע. עטלעכע מיטגלידער פון קאָמבעד און עטלעכע פראָנטאָוויקעס האָבן זיי פאַרשפּאַרט אין אַ שטאַל, און זיי סטראַשען, אַז זיי וועלן זיי פאַרברענען מיט דער שטאַל אינאיינעם.

מישע: וואָס־זשע רעכנסטו טון, גאָרדיי?

גאָרדיי: גאָרניט. איך וועל זיך האַלטן אָן אַ זייַט, מע זאָל מיך ניט זען, איך וועל איבערוואַרטן. האַלעוויי וואָלט איך דיר אויך ניט דערציילט. איך האָב זיך אַ גאַנצן טאָג באַהאַלטן פון דיר, ניט געלאָזט נאָענט צו דיר.

מישע: און וועמען וואָלט עס געבראַכט אַ נוץ? האָסט געטראַכט, גאָרדיי? פון דער ראַטנמאַכט האָסטו



געטראַכט. ביסט פאַר די אַרבעטער, צי פאַר די פּריצים? פאַר וועמען ביסטו, גאָרדיי? האָסט געטראַכט וועגן דעם?

גאָרדיי: איך האָב גאָרניט געטראַכט. איך וויל ניט טון און איך וויל ניט טראַכטן, איך בין פאַר אַלעמען, נאָר כ'וויל, ס'זאָל זייַן שטיל.

מישע: ס'איז דאָך אָבער ניט שטיל, גאָרדיי.

גאָרדיי: וויל איך ניט זייַן אין דער מיט.

מישע: גאָרדיי, דו האָסט פאַר זיי אָפּגעהאָרעוועט דייַן גאַנץ לעבן, איבער זיי ביסטו אַ קאַליקע געוואָרן.

גאָרדיי: דו קענסט מיך, מישע. פון קינדווייַז אָן האָב איך פון קיין רו ניט געוווּסט. אַז איך בין געקומען פון פראָנט, האָב איך קיינעם ניט געטראָפן. זיי זייַנען אויסגעשטאָרבן פון טיפוס, פון קעלט, פון הונגער, נאָר נאַטקע איז געבליבן. ווען ניט אייַער שטוב, וואָלט זי אויך מיסטאָמע, אומגעקומען. איך ווייס, אַז זיי זייַנען שולדיק, נאָר כ'וויל ניט מער קיין מילכאָמע, איצט האָב איך אַ שטיקעלע ערד, אַ גאָרטנדל, אָן אייגן ווינקל, וויל איך זיך אָפּרוען, מער גאָרנישט.

מישע: זיי וועלן צוריק צונעמען, גאָרדיי. אויב זיי וועלן זיך אומקערן צוריק, וועלן זיי זיך נוקעם זייַן. זיי וועלן זיך נוקעם זייַן פאַר דער שרעק, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט, פאַר אַ מינדסט שטריקל, וואָס סע פעלט זיי פון זייער באַלעבאַטישקייַט, פאַר דעם, וואָס דו ביסט נאָך ניט אינגאַנצן צעפוילט געוואָרן אין די אָקאָפּעס, שוין דערפאַר אַליין, וואָס דו ווילסט לעבן אַף דער וועלט, —

פאר אלץ וועלן זיי זיך נויקעמ זײַן. מע דארף מאכן א סאָף צו זיי.

גאָרדיי: זאָלן אנדערע, ניט איך. גיי, גיי, טשעפּע מיך ניט, איך בין אן אינוואליד, א כורווע, א צעבראָכענער טאָפּ. איך בין מיד. איך וויל ניט, וואָס קאָן איך טון אָן א פוס?

מישע: און וועגן נאטען האָסטו געטראכט, גאָרדיי?

גאָרדיי (אין קאַס): שווײַג, מישע, אוועק! שלעפּ ניט נאטען אין די זאכן! שלאָג זיך ארויס פון קאָפּ — איך האָב מער ניט ווי איין פוס און נאטען, איך וועל דיר נאטען ניט געבן, נאטע וועט ניט גיין.

מישע: און אז זי וועט גיין?

גאָרדיי: איך וועל ניט לאָזן, זי וועט זײַן לעבן מיר, ביז ס'וועט שטיל ווערן. נאטע איז מײַנע! דו הערסט? אוועק פונדאנען!

מישע: שטילער, גאָרדיי, עמעצער גייט!

גאָרדיי: גיי, גיי, מע זאָל דיך ניט זען לעבן מײַן שטוב.

(אָפּ).

מישע: ווער גייט?

מיכײַלאָוו: ווער גייט?

מישע: מיכײַלאָוו?

מיכײַלאָוו: ס'איז מישע? גוט, וואָס מיר האָבן דיך באגעגנט.



פּאוולאָווסקי: מישקע, מיר זוכן דיך טאקע.

מישע: און איך קלײַב זיך שוין צו אײַך אף דער סטאנציע. וואָס הערט זיך דאָרט בא אײַך?

פּאוולאָווסקי: ס'וואָלט זיך געמעגט הערן בעסערס.

מישע: איר הייצט דעם פּרימוס אײַערן?

מיכײַלאָוו: ביז הײַנט האָבן מיר געהייצט, און מאָרגן וועט ער מיט גאָטס הילף אויסגיין.

מישע: וואָס הייסט?

מיכײַלאָוו: דאָס הייסט. מאָרגן שטעלט זיך אָפּ די סטאנציע, העכסטנס איבערמאָרגן.

מישע: און דער טראמווײַ?

פּאוולאָווסקי: ס'איז ניטאָ קיין הייצונג.

מישע: אין וואלד איז ניטאָ קיין הייצונג? ס'זיצן דאָ בא אײַך סאבאָטאזשניקעס, ברידערלעך.

מיכײַלאָוו: איך האָב מוירע, אז ס'איז א באנדיטיש שטיקל ארבעט. ווײַזט אויס, אז עס גרייט זיך דאָ עפּעס.

סערגיי: ס'איז אן עמעס, מישע. זיי גרייטן אן ארויס־טרעטונג, מע דארף וואָס גיכער אוועק פונדאנען. מאָרגן קאָן שוין זײַן שפּעט.

מישע: ווער דארף אוועק.

סערגיי: דו, דו, דער ערשטער.

מישע: קומט צו מיר, דאָ איז ניט קיין אָרט צו ריידן.

(אלע אָפּ).

(עס קומט אָן ווולפ פונעם טראמווײַ, ער קלאפּט אָן אין גאָר־דייס טיר).

גאָרדיי (פונ אינעווייניק): ווער איז?

וואָלף: עפנט, גאָרדיי, ס'איז איכ, וואָלף.

גאָרדיי (עפנט אביסל די טיר, שטופט ארויס דעמ קאָפּ): וואָלף! (גייט ארויס אונ מאכט צו די טיר הינטער זיכ.) האָט קיינ פאריבל ניט, וואָלף, איכ פארשטיי, נאָר... איר מוזט זיכ זוכנ אנ אנדער קווארטיר, איכ קאָנ ניט..

וואָלף (געפּלעפּט): וואָס הייסט, גאָרדיי? איכ פארשטיי ניט.

גאָרדיי: ניטאָ וואָס צו פארשטיינ, איכ קאָנ אייַכ מער ניט האלטנ בא זיכ אינ קווארטיר, דאָס גאָר.

וואָלף: איכ פארשטיי, איכ האָב נאָכ אינדערפרי געזענ, אז עפּעס באהאלט איר פונ מיר. כ'האָב זיכ שטענדיק געריכט אפ דעמ, ס'איז נאטירלעכ, איכ וועל אוועקגיינ, גאָרדיי. (וויל ארייַנגיינ.) כ'וועל מאָרגנ אוועקגיינ פונ אייַכ.

גאָרדיי: ניינ, ניט מאָרגנ, כאָטש באלד.

וואָלף: איצט? אזוי שפּעט? גאָט איז מיט אייַכ, גאָרדיי!

גאָרדיי: ס'גאָר ניט אזוי שפּעט, איר קאָנט נאָכ פאָרנ אינ שטאָט אריַינ.

וואָלף: איכ קאָנ ניט פאָרנ, גאָרדיי, אינ וואלד איז ניט רויִק. באנדיטנ האָבנ הייַנט אָפּגעשטעלט א טראמוויַי.

גאָרדיי: אָפּגעשטעלט? שוינ אָפּגעשטעלט?

וואָלף: יאָ, מע האָט מיר דערציילט, אהערצו פאָרנדיק.

גאָרדיי: ניינ, ניינ, בא מיר קאָנט איר ניט זייַנ. אויב



איר האָט מוירע פאָרנ, פאָרט ניט. איר קאָנט ערגעצ אנ־דערש איבערנעכטיקנ. בא מיר קאָנט איר ניט זייַנ, גייט צו ארענענ, צו וואָליגאָרסקינ, אייַערע זאכנ האָב איכ שוינ צונויפגעלייגט, איכ וועל זיי אייַכ באלד ארויסטראָגנ. (לאָזט זיכ גיינ).

וואָלף: ווארט צו, גאָרדיי, איר ווייסט עפּעס? איר זייַט דאָכ אנ אָרנטלעכער מענטש. ניינ, ס'קאָנ ניט זייַנ, איר זייַט אזוי ווי אלע?

גאָרדיי: רעדט מיט מיר ניט, וואָלף. בעסער רעדט ניט. איכ ווייס גאַרניט אונ איכ וויל זיכ ניט מישנ. דאָס גאָר, ווארט א ווייַלע.

(אָפּ אינ שטוב).

וואָלף: וואָס טוט זיכ דאָ? ער וויל זיכ ניט מישנ...

גאָרדיי (שטעלט ארויס צוויי טשעמאָדאנעס): ס'איז נאָכ גאָר ניט שפּעט, גייט אינ א ייִדישער שטוב. (ער פארהאקט די טיר, עפנט נאָכאמאָל אופ.) בעסער צו וואָליגאָרסקינ, דאָרט איז גרא־מער אונ זיכערער. א גוטע נאכט, כאווער וואָלף. איר דארפט אפ מיר קיינ פאריבל ניט האָבנ.

(אָפּ.)

וואָלף (אליינ): וואָס טוט מענ? (דערשראָקנ.) ווער איז? ווער גייט עס? ס'האָט זיכ מיר אויסגעדאכט. „אונ ס'וועט זיי נאָכיאָגנ דער רויש פונ א בלאט אפ א בוימ. אונ זיי וועלנ אנטלויפנ פאר דעמ, ווי מע אנטלויפט פאר דער שווערד". (קלאפּט אינ טיר.) גאָרדיי, גאָרדיי!

**גאָרדיי** (פונ יענער זײַט): וואָס איז? (עפנט די טיר.) איר ווילט עפּעס זאָגנ? איר האָט עפּעס פארגעסנ?

**וואָלף**: גאָרניט, גאָרניט. זאָל זײַנ אזוי! (גאָרדיי פארמאכט די טיר.) ער וויל זיכ ניט מישנ, איז ניינ. אונ איכ קאָנ ניט, איכ בינ סײַווי אינ קאָנ, צי איכ וויל, צי איכ וויל ניט. ווו קאָנ איכ זיכ באהאלטנ? צו וואָליגאָרסקינ? (לאָזט זיכ גײנ צו וואָליגאָרסקינ). ניינ, ניינ, איכ האָב זיי פײַנט. אפילע אינ גוטנ מוט קוקנ זיי אפ מיר, ווי אפ א בעטלער. הײַנט אז איכ וועל דארפנ אָנקומענ צו זיי (ער קערט זיכ אומ.) צו ארע־נענ? (לאָזט זיכ גײנ צו ארנס שטוב.) ניינ, ניינ, מישע איז א קאָ־מוניסט, אלע וויסנ. דאָס ערשטע וועט מענ זיכ נעמענ צו זייער שטוב... (לאָזט זיכ צוריק.) גאָרדיי? צו גאָרדייענ! דאָ איז דאָס איינציקע אָרט. (לאָזט זיכ צו גאָרדייענ אינ שטוב.) ניינ, ניינ, ער וועט ניט לאָזנ, איכ בינ א ייִד, ער וויל איבער מיר ניט לײַדנ, ער וויל זיכ ניט מישנ. ער איז גערעכט. צו וואָליגאָרסקינ (אָפּ צו וואָליגאָרסקיס שטוב).

---

## דאָס דריטע בילד

---

(בא מישענ אינ שטוב.)

(עס גייענ ארײַנ מישע, מיכײַלאָוו, סערגיי, פּאוולאָווסקי).

**מישע**: איז וואָס זאָגסטו, סערגיי, זיכ אָפּטראָגנ?

**פּאוולאָווסקי**: זאָל סערגיי דערציילנ, וואָס ער האָט זיכ דערוווסט.



**סערגיי**: איכ בינ הײַנט געווענ אינ דאָרפ, מישע, דו ווייסט, וואָס עס טוט זיכ אינ נײַ־מיכײַלאָווקע?

**מישע**: איכ ווייס. זיצט. איכ קענ אײַכ דערציילנ, וואָס עס טוט זיכ: מאָרגנ פארנאכט וועלנ די נײַ־מיכײַלאָווקער באלעגופימ אונ פונ די ארומיקע דערפער פארנעמענ אונ־דזער ייִשעוו. דאָ וועלנ זיי לאָזנ א קליינעמ אָטריאד, אונ די איבעריקע וועלנ זיכ לאָזנ אפ דער שטאָט. באנאכט דארפנ זיי פארנעמענ די בריק אונ זי אײַנהאלטנ ביז די הויפּט־קויכעס פונ די באנדיטנ וועלנ פארנעמענ די שטאָט.

**פּאוולאָווסקי**: אויב אזוי, קאָנ זײַנ, אז די גאנצע מײַטע מיטנ צונעמענ דאָס האָלצ אונ לאָזנ די סטאנציע אָנ הייצונג איז אויכ ניט קיינ צופאל־זאכ.

**מישע**: מיסטאמע! (צו סערגייענ.) גיי ארויס פאר דער טיר, שטעל זיכ דאָרט. אז עמעצער וועט גיינ, גיב צו וויסנ.

**סערגיי**: פאראנ! איכ וועל א שפּיל טונ. (ווײַזט אפ דער באלאלײַקע. אָפּ.)

**מישע**: גוט! זיי האָבנ באשלאָסנ מאָרגנ דורכלאָזנ טראמווײַענ נאָר פונ שטאָט, אינ שטאָט צוריק וועלנ קיינ טראמווײַענ ניט זײַנ.

**מיכײַלאָוו**: פונוואנענ ווייסטו?

**מישע**: מוזט וויסנ פונוואנענ?

**מיכײַלאָוו**: אנטשולדיק, איכ בינ אנ אלטער נאר, אלצדינג דארפ איכ וויסנ. מע קאָנ דאָכ אָבער ניט זיצנ מיט צונויפגעלייגטע הענט.

פאוולאָווסקי: לאָמיר זיך צונויפקלײַבן אַלע אונ־דזערע און מירן אוועק צופוס אינ שטאָט אַרײַן.

מישע: וויפל זײַנען מיר?

פאוולאָווסקי: מיט די מישפאָכעס איז ניט ווינ־ציק.

מישע: און אָן די מישפּאָכעס, אַזוינע, וואָס קאָנען האַלטן געווער?

פאוולאָווסקי: איך פאַרשטיי ניט, מישע.

מיכײַלאָוו: לאָז צורו, ענטפער, אז מע פרעגט דיך. מיר האָבן אפ דער סטאַנציע און אינעם רעמאָנט־מעכאַנישן וואַרשטאַט צוזאַמען, אַזעלכע, וואָס מע קאָן זיך אפ זיי פאַרלאָזן, א מענטשן צען־צוועלף...

מישע: לאָמיר רעכענען צען. און אפ דער זעג־מיל?

מיכײַלאָוו: א פינף מענטשן וועסטו דאָרט אויך האָבן.

מישע: אינ קאָמענדאַטור?

פאוולאָווסקי: מע וואָלט געדאַרפט פרעגן דעם קאָמענדאַנט.

מיכײַלאָוו: מיטן קאָמענדאַנט דאַרף מען זײַן גע־היט, ער איז א פאַרדעכטיקטער מענטש.

פאוולאָווסקי: מע טאָר דאָך ניט אַזוי, מיכײַלאָוו, האָסט פּאַקטן?

מיכײַלאָוו: וואָס פאַר א פאַקטן ווילסטו? באַלד וועט ער דיר צושטעלן פאַקטן. דו מיינסט, אז ער איז אַזא



כאָכעם ווי דו. דאָס הארץ זאָגט אַמאָל בעסער ווי פאַקטן. איר קאָנט מיט מיר טון, וואָס איר ווילט, נאָר איך גלייב אים ניט.

מישע: איך גלייב אים אויך ניט.

מיכײַלאָוו: אָט האָסטו דיר שוין א ־פאַקט. מישע גלייבט אים אויך ניט. מיט דעם מענטשן איז בעסער, מע זאָל זײַן געהיט.

מישע: און איר ווייסט ניט, וויפל איז אינ דער קאָ־מענדאַטור?

מיכײַלאָוו: אַן ערעך ווייס איך, איך האָב בא זיי געהאַט א פאָר מאָל אַרויסטרעטונגען, א מענטשן פופצן־צוואַנציק רויטאַרמייער.

מישע: לאָמיר רעכענען פופצן, צוזאַמען האָבן מיר אַן אָטריאַד פון דרײַסיק מענטשן.

מיכײַלאָוו: איך הייב אָן צו פאַרשטיין, מישע.

פאוולאָווסקי: דרײַסיק מענטשן, און באַנדיטן איז א פאָר הונדערט.

מישע: מע טאָר זיי ניט לאָזן פאַרנעמען די בריק מאָרגן פאַרנאַכט, דאָס איז ערשטנס. מע דאַרף זיי פאַר־האַלטן, כאָטש א צוויי טעג, דאָס איז צווייטנס, און מע דאַרף באַלד צו וויסן געבן אינ שטאָט — דאָס גאָר.

מיכײַלאָוו: מע דאַרף אָבער ביקסן און פּאַטראָ־נעס?

מישע: אינ קאָמענדאַטור איז דאָ געווער. מיסטאָמע וועט זיך געפינען א קוילנוואַרפער אויך.

פאוולאָווסקי: מישע, מע דארף פריִער גוט באַ־טראכטן, אָפּוועגן צי האָט עס א זינען?

מישע: דו לייגסט פאָר אנטלויפן?

מיכײַלאָוו: אנטלויפן? דרײַסיק באוואָפנטע באָל־שעוויקעס זאָלן אנטלויפן, פּאוולאָווסקי!

פאוולאָווסקי: ווער זאָגט אנטלויפן? וואָס שרײַסטו אף מיר? צי ס'איז צוועקמעסיק? אָט וועגן וואָס ס'האנדלט זיך. צי האָבן מיר רעכט אליין שטעלן אף זיך? מע דארף אָנפרעגן, וויִאזוי זאָגט מען דאָס — קאָנטאקטירן.

מישע: ביז דו וועסט קאָנטאקטירן — וועלן די באַנ־דיטן פארנעמען די בריק, און ס'וועט זיך שאפן א געפאר פאר דער שטאָט, ריכטיק?

פאוולאָווסקי: אויב זיי וועלן פארנעמען די בריק? פארשטייט זיך.

מישע: מיר קאָנען זיי אָפּהאלטן און באצײַטנס צו וויסן געבן אין שטאָט. איז עס צוועקמעסיק?

מיכײַלאָוו: מיר זײַנען באָלשעוויקעס, פּאוולאָווסקי, א באָלשעוויק דארף האָבן אייגענע איניציִאטיוו, ריכטיק? ער דארף האָבן א קאָפּ אף די פּלייצעס.

פאוולאָווסקי: און וואָס וועסטו טון, מישע? דו דארפסט דאָך פאָרן אפן פראָנט?

מישע: איצט איז דאָ דער פראָנט, איצט דארף מען מיך דאָ.

מיכײַלאָוו: גענוג ריידן, מע דארף צוטרעטן צו דער ארבעט, מיר האָבן נאָך אסאך ארבעט ביז טאָג.



מישע: יאָ, און פריִער פון אלץ דארף מען זיך צו־נויפריידן מיטן קאָמענדאנט.

מיכײַלאָוו: ווידער! האָסט דאָך ערשט אליין גע־זאָגט, אז דו גלייבסט אים ניט.

מישע: מע דארף מיט אים פריִער א שמועס טון.

מיכײַלאָוו: גיי און שמועס מיט אים, איך בין קיין באלן ניט.

מישע (ווייך): מיכײַלאָוו, גיי צו אין קאָמענדאטור און שיק אים צו אהער.

מיכײַלאָוו (אומצופרידן): פּאטערן צײַט אומזיסט.

מישע: מיכײַלאָוו, מיר וועלן שפּעטער ריידן, איצט גיי. נאָכדעם וועסטו צונויפנעמען די ארבעטער פון דער סטאנציע און פון דער זעג־מיל. (מיכײַלאָוו אָפּ.) פּאוולאָווסקי, האָסט געווער?

פאוולאָווסקי: ניין.

מישע: נא. (גיט אים א רעוואָלווער.) אז ער וועט קומען, האלט זיך לעבן אים, און אז מע וועט דארפן, שטעל צו צום שלייף.

פאוולאָווסקי: אזוי ווײַט?

מישע: מאלע וואָס ס'מאכט זיך.

(מיטאמאָל א קלונג פון דער באלאלײַקע).

(עס גייט ארײַן דער קאָמענדאנט.)

קאָמענדאנט. גוטן־אָוונט. א, פּאוולאָווסקי, דער פּראָלעטאריאט, גוטן־אָוונט. נו, מישע, וואָס מאכסטו? וואָס הערט זיך אין שטאָט?

מישע: זייער גוט. זעצ זיך, האָסט ניט באגעגנט מיכײַלאָוונ?

קאָמענדאנט (שטעלט אוועק זײַנ ביקס אינ ווינקל אונ זעצט זיך): ניינ, כ'האָב געהערט, אז דו ביסט דאָ, בינ איך ארײַנ א שמועס טונ.

מישע: וואָס הערט זיך דאָ עפּעס?

קאָמענדאנט: אלצ אינ אָרדענונג, וואָס זאָל זיך הערנ? די רעוואָליוציע איז דאָ, אזוי ווי אומעטום. וואָס הערט זיך אינ שטאָט? וויִאזוי איז מיט ברויט?

מישע: ניט איבעריקס. וואָס איז דאָ עפּעס מיט אײַער סטאנציע?

קאָמענדאנט: ווייסט ניט וואָס? אזוי ווי אומעטום: קיינ הייצונג ניטאָ. דאָס גאָר. ס'איז נאָך א גליק, וואָס ביז איצט האָט זיך עס געצויגנ. נאָר דאָס קאָנ מענ נאָך אריבערטראָגנ. ס'האָבנ זיך אָפּגעשטעלט גרעסערע אונטערנעמונגענ, ראזרוכא...

מישע: אינ וואלד איז קיינ הייצונג ניטאָ?

קאָמענדאנט: וואלד! וועלדער זײַנענ דאָ אומעטום אינ רוסלאנד, מיט וואלד הייצט מענ דאָך ניט, מע דארפ פונ אים מאכנ האָלצ.

פּאוולאָווסקי: מע זאָל ניט צונעמענ, וואָלט געוועננ. מיר פארגרייטנ, אונ דערנאָך קומט מענ אונ מע נעמט צו.

קאָמענדאנט: דאָס האָב איך שוינ געהערט, פּאוולאָווסקי, ס'איז דעמאגאָגיע! פאראנ בילכערע געברויכער פונ אונדזער סטאנציע, פאראנ אנ ארמיי, פאראנ אונטער-



נעמונגענ, וואָס טאָרנ זיך ניט אָפּשטעלנ, וועלנ מיר קוקנ, ווער ס'האָט פארגרייט. „מע נעמט צו". מעגסט זיך שעמענ אזוי צו ריידנ. ווער נעמט צו? די ראטנמאכט, דער ארבעטער־קלאס נעמט, פארשטייסט? „מע נעמט צו". דו ווייסט כאָטש מיט וועמענס לאָשנ דו רעדסט?

מישע: ס'וועט זיך דאָך אָפּשטעלנ דער טראמווײַ.

קאָמענדאנט: פארשטייט זיך, אז ער וועט זיך אָפּשטעלנ. נאָר איך קאָנ דאָ גאָרניט העלפנ. אונ אויב דו ווילסט, איז דאָס ניט מײַנ זאך, — אפ דעם איז דאָ שטאָט־באלעבאטימ, וואָס דארפנ דאָס אינ זינענ האָבנ. איך פיל אויס די באפעלנ, וואָס איך באקומ פונ שטאָט.

פּאוולאָווסקי: וואָס הייסט, ס'איז ניט אײַער זאך? פארנ טראנספּאָרט זײַנענ מיר אלע אָרעוו. האָסט געלייענט, וואָס לענינ האָט געזאָגט: „מע דארפ, אז די ארבעטער זאָלנ אפ יעדער פארזאמלונג שטעלנ פאר זיך די פראגע: מיט וואָס קאָנענ מיר העלפנ דעמ טראנספּאָרט?" אונ דו זאָגסט: ס'איז ניט דײַנ זאך!

מישע: נו, היצ זיך ניט. מע רעדט דאָ עפּעס בא אײַך וועגנ באנדעס? עפּעס פארשיידענע קלאנגענ.

קאָמענדאנט: קלאנגענ? האָסט שוינ אויך אָנגעהויבנ זיך צוהערנ צו קלאנגענ? שפּײַ זיך אויס, מיר האָבנ ניט קיינ שום יעדיִעס. בא אונדז איז דאָ דערוויַיל אזוי, אז האלעווײַ אינ גאנצ אוקראיִנע.

מישע: איז דאָס פּוסטע מײַסעס?

קאָמענדאנט: וואָדענ? דו ווייסט ניט, ווער עס

איז פאַרינטערעסירט צו פאַרשפּרייטן אָט די קלאַנגען? די קאָנטררעוואָליוציע שווײַגט ניט.

(עס גייט אַרײַן וואָלף מיט טשעמאָדאַנעס. בלאַס, דערשראָקן.)

וואָלף: גוטן־אָוונט!

מישע: גוטן־אָוונט, לערער וואָלף, וואָס אַזוי בלאַס? פונוואַנען איז עס מיט די טשעמאָדאַנעס?

וואָלף: ער לאָזט מיך ניט אַרײַן אין שטוב, ס'איז ניט גוט, מישע, עפּעס איז ניט גוט. (דערזעט דעם קאָמענדאַנט, דערשראָקן.) ווער איז, מישע? ווער איז עס?

מישע: כאַווער וואָלף, ס'איז דאָך אונדזער קאָמענדאַנט. זעצט זיך, שטעלט אַוועק די טשעמאָדאַנעס. ווער האָט אײַך ניט אַרײַנגעלאָזט?

וואָלף: גאַרדיי. איך בין געקומען פון שטאָט, כ'האָב אָנגעקלאַפּט. זאָגט ער, איך זאָל זיך זוכן אַן אַנדער קוואַרטיר, ער וויל מיך מער ניט האַלטן בא זיך, און ער האָט מיר אַרויסגעשטעלט מײַנע זאַכן.

קאָמענדאַנט: גאַרדיי, דער גערטנער? ער איז פון זינע אַראָפּ?

וואָלף: יאָ. איך בין אַוועק צו וואָליגאָרסקין, נאָר דאָרט איז פאַרשלאָסן, און ס'איז פינצטער אין שטוב. עפּשער זײַנען זיי אַוועקגעפאָרן, און עפּשער שלאָפן זיי שוין. סאָמער וועלן זיי זיך דערשרעקן, אַז איך וועל אָנקלאַפּן? איך האָב געזען, אַז דאָ איז ליכטיק, בין איך צוגעגאַנגען. וווהין זאָל איך גיין?



מישע: איר האָט גוט געטאָן, לערער וואָלף, איר וועט זײַן דאָ דערווײַל. ס'איז גאָר ניט אַזוי שרעקלעך.

וואָלף: ניין, ניין, מישע, עפּעס טוט זיך דאָ! ס'איז ניט אומזיסט. אין שטאָט איז ניט רויִק, און אָפן וועג האָט מען גערעדט, אַז אין וואַלד זײַנען דאָ באַנדיטן, זיי האָבן הײַנט אָפּגעשטעלט אַ טראַמוויי. עפּעס גרייט זיך דאָ, מישע. איצט איז עס שוין אַהער אויך געקומען. דו ווייסט ניט, וווהין איך זאָל גיין? וווהין קאָן מען גיין? איצט איז שוין אומעטום... האַ, מישע?

קאָמענדאַנט: יונגערמאַן, איך וועל אײַך אַרעסטירן פאַר פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען. מיר וועלן מיט פּאַניקיאָרן זיך באַגיין, ווי מיט קאָנטררעוואָליוציאָנערן, איר הערט? ווער צאָלט אײַך דערפאַר, איר זאָלט פאַרשפּרייטן אומרויִקע ידיִעס און אונטערײַסן די ראַטנמאַכט?

מישע: אַנטשולדיקט, כאַווער קאָמענדאַנט, דער כאַווער וואָלף איז מײַן לערער. ער איז בא מיר צוגאַסט. זעצט זיך, לערער וואָלף.

קאָמענדאַנט: אַ לערער! אינטעליגענציע! בורזשואַזע טעלערלעקער, זיי האָבן שוין גענוג אָנגעשעדיקט, מיר וועלן זיי אויסלערנען, וואָס הייסט רעוואָליוציע. זײַן גליק, וואָס ער איז דײַן גאַסט.

מישע: נו, נו, באַרויִקט זיך. יאָ, פון וואָס האָבן מיר גערעדט? האָט איר עפּעס אָנגענומען מיטלען אָפּן סאַל פון סיורפּריזן? עפּשער אינפאָרמירן אין שטאָט?

קאָמענדאנט: כאוועך מישע, קאָנסט זײַן גאנצ רויִק: איכ ווייס אליינ מײַנע פליכטנ. אונ זאָלסט אפ מיר קיינ פאריבל ניט האָבנ, נאָר אינ קיינ אייצעס נייטיק איכ זיכ דערוויַל ניט. וואָס מע דארפ, טוט מענ.

מישע: נו, יאָ, איכ בינ זיכער.

מיכײַלאָוו (קומט ארײַנ): איכ האָב דעמ קאָמענדאנט ניט געטראָפנ. א, אָט איז ער דאָכ! גוטנ־אָוונט, כאוועך קאָמענדאנט! וואָס איז דאָרט פאר א וואָלינקע בא אײַכ?

קאָמענדאנט. וואָס פאר א וואָלינקע?

מיכײַלאָוו: אײַערע רויטארמייער זײַנענ עפעס ניט צופרידנ מיט אײַער באפעל.

קאָמענדאנט: זיי זײַנענ טרוסנ. נישקאָשע, איכ וועל זיי אויסלערנענ דיסציפלינ. די פארטיזאנשטשינע וועל איכ ארויסשלאָגנ פונ זיי.

מישע: וואָס פאר א באפעל?

מיכײַלאָוו: זיי דארפנ באנאכט, קימאט די גאנצע קאָמאנדע, פופצנ רויטארמייער, ארויסגיינ אינ נײַ־מיכײַלאָווקע אונ אינ אנדערע דערפער צו צוויי, דרײַ מענטשנ אינ א דאָרפ. זיי שרײַענ, אז ס'איז א פראָוואָקאציע, אז מע שיקט זיי איינציקווײַז גלײַכ צו די באנדיטנ אינ נעסט ארײַנ.

מישע: ס'איז אײַער באפעל?

קאָמענדאנט: מײַנער. אינ נײַ־מיכײַלאָווקע אונ אינ אנדערע דערפער זײַנענ פאָרגעקומענ עקסצעסנ. ווי דו זעסט, האָב איכ אָנגענומענ מיטלענ, טאָמער עפעס.

מישע: זײַנענ זיי דאָכ געדעכט.



קאָמענדאנט: ווער?

מישע: אײַערע רויטארמייער. איר שיקט זיי דאָכ גלײַכ אפ יענער־וועלט.

קאָמענדאנט: עפשער וועסטו מיכ לערנענ, וואָס איכ האָב צו טונ?

מישע: יאָ.

קאָמענדאנט: וואָס? דו דערלויבסט זיכ צופיל, מישע, זע נאָר...

מישע (צו מיכײַלאָוונ): מיכײַלאָוו, נעמ דאָרט זײַנ ביקס (צומ קאָמענדאנט.) זיצט, לייגט אנידער די הענט אפנ טיש! (שטעלט אָנ דעמ רעוואָלווער.)

קאָמענדאנט: וואָס איז דאָס פאר א שפאס?

פאוולאָווסקי (שטעלט צו דעמ רעוואָלווער צומ קאָמענדאנטס שלייפ): די הענט אפנ טיש, זאָגט מענ אײַכ! ס'איז ניט קיינ שפאס.

מישע: אינ נאָמענ פונ דער רעוואָליוציע זײַנט איר ארעסטירט.

קאָמענדאנט: וואָס פאר א רעכט האָט איר?

מישע: די רעכט פונ א רעוואָליוציאָנער בענעגייע צו א פארעטער אונ צו א קאָנטררעוואָליוציאָנער!

קאָמענדאנט: דער שפאס וועט אײַכ קאָסטנ טײַער.

מישע: דאָס וועלנ מיר שפעטער זענ. פאוולאָווסקי, דער צײַטווײַליקער אָרטיקער רעווקאָמ באשטימט דיכ פאר קאָמענדאנט. ווו איז סערגיי?

מיכײַלאָוו: ער שטייט דאָ בא דער טיר.

**מישע** (צו פּאַוולאָווסקין): טו אים א רוק און פיר אָפּ דעם מענטשן אין קאָמענדאַטור, פאַרשליס אים און שטעל צו א וואַך.

**פּאַוולאָווסקי**: פאַראַן! אָפּפירן, פאַרשליסן און היטן!

**מישע**: דער קאָמאַנדע איבערגעבן, אז דעם געוועזענעם קאָמענדאַנטס באַפעל איז אָפּגעשאַפט, זאָלן זיי דערווײַל בלײַבן אַפּ די ערטער.

**פּאַוולאָווסקי**: פאַראַן! דער קאָמאַנדע בלײַבן אַפּ די ערטער!

**מישע**: באַלד שיקן אַרעסטירן די וואָליגאָרסקיס, דעם פּאָטער מיט דעם זון, און דעם קאָאָפּעראַטאָר מיימאַן.

**פּאַוולאָווסקי**: די וואָליגאָרסקיס? אַפּ וואָס דאַרפסטו זיי?

**מיכײַלאָוו**: דערקלערונגען שפּעטער! פיל אויס דעם באַפעל!

**פּאַוולאָווסקי**: אַנטשולדיק, פאַראַן! אַרעסטירן די וואָליגאָרסקיס!

**ליובע** (לויפט אַרויס פון צווייטן צימער): אַרעסטירן סאַשען! (צו פּאַוולאָווסקין.) וואַרט, ס'א טאָעס!

**מיכײַלאָוו** (צו פּאַוולאָווסקין): גיי!

**פּאַוולאָווסקי** (צום קאָמענדאַנט): ריר זיך!

(אָפּ.)

**ליובע**: מישע, וואָס האָסטו צו סאַשען? רוף אים צוריק, שאַפ אָפּ דעם באַפעל!



**וואָלף** (וואָס איז ביז איצט געשטאַנען פאַרגליווערט פון שרעק): מישע, וואָס טוט זיך דאָ?

**מיכײַלאָוו**: עס גרייט זיך א באַנדיטישער אויפשטאַנד. ווייסט איר איצט, וואָס עס טוט זיך?

**ליובע**: כ'וויל ניט, כ'וויל ניט זאָלסט זיי אַרעסטירן. סײַוויסײַ זאָגן שוין אַלע, אז דו ביסט אַן אַנטיסעמיט. מע דאַרף ניט אַרעסטירן סאַשען.

**מישע**: ליובע, דו באַוועגסט זיך מיט סאַשען, ס'געפעלט מיר ניט! גיי, לייג זיך שלאָפן!

(ליובע וויינט.)

**וואָלף** (פאַרלאָרן): אַנטשולדיק מיר, מישע, די וואָליגאָרסקיס זײַנען דאָך ייִדן, ניט קיין באַנדיטן.

**מישע** (שטעלט זיך אום): מוישע וואָליגאָרסקי מיט דעם קאָאָפּעראַטאָר האָבן הײַנט צוגעשטעלט פּראָדוקטן פאַר דער באַנדע. איר הערט, לערער וואָלף?

**וואָלף**: איך זאָג דען עפּעס? נאָר באַטראַכט זיך, וואָס דו רעדסט.

**מישע**: כאַווער וואָלף, איך האָב איצט קיין צײַט ניט מיט אײַך צו ריידן.

**נאַטע** (גייט אַרײַן): מישע!

**מישע**: נאַטע, וואָס טוסטו דאָ?

**נאַטע**: איך בין אַנטלאָפן פונעם ברודער, ער איז אָנשלאָפן געוואָרן, בין איך אַנטלאָפן. ער איז מעשוגע געוואָרן. ער האָט אַרויסגעטריבן וואָלפן, ער וואַרפט זיך

שלאָגן, אַז איך דערמאָן דײַן נאָמען. כ׳וויל מיט אים ניט זײַן, כ׳וויל מיט דיר אַוועקפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן. ער וועט זיך אַ ביסל איבערמאָרדעווען, וועט ער אַליין כאַראָטע האָבן.

מישע: נאַטע, גיי צוריק, גיי אַהיים.

נאַטע: טרײַבסט מיך, ביסט בארויגעז, ווילסט ניט, איך זאָל פֿאָרן מיט דיר?

מישע: איך פֿאָר ניט.

מיכײַלאָוו: וווהין פֿאָרן? גיי אַהיים! ס׳פֿאַרקאָכט זיך אַזוינס, אַז דאָס היטל דרייט זיך אָפּן קאָפּ. מישע איז איצט פֿאַרנומען מיט וויכטיקערע זאַכן, פֿאַרשטייסט? מע דאַרף אָרגאַניזירן אַווידערשטאַנד, מע דאַרף געווער, מע דאַרף מענטשן, קומט זי דאָ מיט אירע ווײַבערשע אינטערעסן. גיי, מע וועט אָפּשלאָגן די באַנדיטן, וועט ער דערנאָך מיט דיר פֿאָרן, גיין, שטיין. וואָס דו ווילסט, וועט ער טון. איצט איז אַ באַנדיטישער אופֿשטאַנד, פֿאַרשטייסט? מאָרגן וועט זײַן אַן אומרויִקער טאָג, און ווער ווייסט, מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן. גיי אַהיים, זיץ איבער אין שטוב אַ פּאָר טעג.

נאַטע: מישע, יאָ?

מישע: יאָ.

נאַטע: איך וועל אַהיים ניט גיין, איך וויל זײַן לעבן דיר. איך וועל דיר העלפֿן.

מישע: זעץ זיך, נאַטע, מיר וועלן שפּעטער ריידן. (צו מיכײַלאָוון.) מע דאַרף צו וויסן געבן אין שטאָט, מע דאַרף באַלד עמעצן שיקן.



מיכײַלאָוו: איצט אין שטאָט אַרײַן? באַנאַכט? צופֿוס?

מישע: מיר מוזן האָבן אַלע שאַנסן, אַז אונדזער יעדיִע וועט אָנקומען.

מיכײַלאָוו: איך פֿאַרשטיי, מע דאַרף אַזאַ מענטשן, וואָס מע קאָן זיך אָפּ אים פֿאַרלאָזן.

מישע: מע דאַרף ניט איינעם, נאָר דרײַ — איינעם באַלד שיקן, און צוויי — מיטן ערשטן טראַמוויַ גאַנצפֿרי, אַזוי וועט זײַן זיכערער.

מיכײַלאָוו: דערווײַל קאָן איך קיין איינעם ניט צוטראַכטן.

מישע: מע דאַרף צוטראַכטן. מיכײַלאָוו, ביז אין אַ האַלבער שאָ אַרום דאַרפֿסטו געפֿינען דרײַ מענטשן אָפּ שיקן אין שטאָט אַרײַן.

אַרן (גייט אַרײַן פֿונעם צווייטן צימער): איר געפֿינט צוויי, דעם דריטן וועל איך אײַך געבן.

מיכײַלאָוו: דו? ווועמען־זשע וועסטו געבן, אַלטינקער?

אַרן: זיך אַליין.

מישע: דו?

אַרן: איך, וואָס כידעשסטו זיך אַזוי? צי דו מיינסט, אַז מע קאָן זיך אָפּ מיר ניט פֿאַרלאָזן?

מיכײַלאָוו: איר ווילט גיין אין שטאָט?

אַרן: צי איך וויל? אויב מע דאַרף, וויל איך.

מישע: דו ווייסט, וועגן וואָס עס גייט? האָסט געהערט?

**ארנ:** געהערט אלצ. וויפל מע דארפ ווייס איכ, אונ דאָס איבעריקע וועסטו מיר אָנשרייַבנ, אָדער איבערגעבנ אפ אויסנווייניק. באַ מיר וועט נאָכ קלעקנ א ביסל זיקאָרנ אפ דעמ.

**מיכײַלאָוו:** איר זייַנט דאָכ שוינ אנ אלטער מאנ.

**ארנ:** אלט איז ניט שטענדיק קיינ כיסאָרנ. אז מ'איז אלט, איז מענ כאָטש זיכער פונ א יונגנ טויט. אונדזערע קינדער האָבנ נאָכ אזוי ווייניק געלעבט, אונ פאָרט האָבנ זיי קיינ מוירע ניט. וואָס־זשע דארפ איכ מוירע האָבנ?

**מישע:** טאטע, דו שטעלסט איינ דאָס לעבנ.

**ארנ:** אז מע שטעלט ניט איינ, מייַנ זונ, נעמט מענ ניט אויס. אז איכ שטעל איינ דיכ? מיינסט, אז מייַנ לעבנ איז מיר טייַערער פונ דיר? אָבער גענוג. ס'איז מיר א נאָוועגע זיכ דורכגיינ צופוס אינ שטאָט ארייַנ? איכ ווייס דאָ אזוינע שטעגעלעכ, וואָס די באנדיטנ ווייסנ ניט. אונ ווייַטער, ווער וועט טשעפענ אנ אָרעמענ שוסטער, א לאטוט־ניק, וואָס גייט ארומ איבער די דערפער פאריכטנ א פאָר שטיוול? כ'וועל טאקע מיטנעמענ מיט זיכ מייַנ קלאפער־געצייַג. א לאטוטניק אונ א דאָקטער זייַנענ באַ איצטיקער צייַט גרויסע מעיוכאָסימ. אפילע אינ א פאָגראָמ הארגעט מענ זיי די לעצטע.

**מישע:** גוט, טאטע, קומ, דו וועסט נעמענ, וואָס דו דארפסט אונ איכ וועל דיר זאָגנ, וואָס דו האָסט צו טונ.

(ביידע אָפּ אינ צווייטנ צימער.)



**וואָלפ** (צו מיכײַלאָווג): וואָס טוט איר? איר לאָזט אנ אלטנ מענטשנ אפ זיכערנ אומקומ. רעדט איבער מיט מישענ, זאָל ער אימ ניט לאָזנ. אימ אליינ איז ניט באקוועמ, ס'זייַנ פאָטער... איר דארפט זיכ ארייַנמישנ.

**מיכײַלאָוו:** איכ וועל זיכ ניט מישנ: איכ האלט, אז דער אלטער איז גערעכט. אונ אייַכ אייצע איכ, איר זאָלט זיכ אויכ בעסער ניט מישנ. ס'וועט זייַנ געזונטער פאר אייַכ. (מיט א דראָענדיקנ טאָנ.) פארשטאנענ? אזוי איז מייַנ אייצע.

**וואָלפ:** איכ זאָג דענ עפּעס?

**מישע** (גייט ארייַנ): נו, מיכײַלאָוו, האָסט עפּעס צו־געטראכט? נאָכ ניט? מע דארפ פונ די ארבעטער אָדער פונ די רויטארמייער, א פארשטאנדיקנ יאט אונ ניט קיינ שרעקעוודיקנ. ער וועט דארפנ זייַנ אינ שטאָט אינ פארט־קאָמ, אינ רעווקאָמ אונ אינ שטאב. מיטנ ערשטנ טראמווייַ מוז ער ארויספאָרנ. גוט וואָלט געווענ, פארשטייט זיכ, א פארטייער.

**מיכײַלאָוו:** איכ האָב אזא... אפ דער סטאנציע. ער וועט מאָרגנ ארויספאָרנ.

**מישע:** גוט. לערער וואָלפ, אפ א פאָר ווערטער. (גייט מיט אימ אָפּ אינ א זייַט.) וואָס רעכנט איר טונ?

**וואָלפ:** איכ ווייס ניט, מישע, וואָס קאָנ איכ טונ? איכ רעכנ אוועקפאָרנ אינ שטאָט ארייַנ. דאָ קאָנ איכ גאָר־ניט אונ... איכ דארפ דאָכ זייַנ אפ דער ארבעט... ניינ, ניט דאָס, מישע, איכ שעמ זיכ דיר זאָגנ, נאָר דאָ איז דאָכ

געפּערלעך צו בלײַבן — איך וועל בעסער אוועקפֿאָרן. איאָ, מישע?

מישע: איך האָב אויך אַזוי גערעכנט. פֿאָרט! בעסער, אַז איר זאָלט זײַן אויף אײַער אַרבעט. נאָר איך וויל אײַך עפּעס בעטן, שיקן מיט אײַך...

וואָלף: ניין, ניין, מישע, מ׳דאַרף ניט, בעט מיך ניט, שיק ניט, איך האָב קיין מוט ניט, איך האָב אַליין מוירע שטעלן אויף זיך. מ׳דאַרף ניט, כ׳האָב מוירע.

מישע: יאָ, איך האָב אַ טאָעס געהאַט. מיטן ערשטן טראַמוויי זאָלט איר אַוועקפֿאָרן, און איצט גייט אַרײַן אַהין, לייגט זיך שלאָפֿן, איר קאָנט זיך לייגן אויפֿן טאַטנס בעט.

וואָלף: נישקאָשע, מישע, איך קאָן זיצן...

מישע: ניין, לערער וואָלף, מיר האָבן דאָ וואָס צו ריידן אייניקע וויכטיקע זאַכן, גייט.

וואָלף: איך גיי, איך גיי, דו ביסט גערעכט. (גייט, קערט זיך אום.) מישע, דו דאַרפֿסט פֿאַרשטיין — איך בין דאָך ניט מער ווי אַ ייִד, דאָס ייִדישע פֿאָלק...

מישע (אין כּעס): איר זײַנט אַ ייִד? איר זײַנט אַ בילבול אויפֿן ייִדישן פֿאָלק, אָט וואָס איר זײַנט, אויב איר ווילט וויסן. דאָס ייִדישע פֿאָלק איז אַזוי שולדיק אין אײַער נישטיקייט און דערשראָקנקייט, ווי ס׳איז שולדיק אין וואָליגאָרסקיס הינטישער נאַטור. מענטשן האָבן אויסצושטיין די שווערסטע ליידן: הונגער, קעלט, שלאָפֿקייטן, פּאָגראָמען, און מע פֿאַרלירט ניט דעם מוט. מע שלאָגט זיך פֿאַר דער רעוואָלוציע, און ייִדן אויך! איר



הערט? ייִדן! אַזאַ גרויס לאַנד, אַזויפֿיל פֿעלקער גייען אויף מיט בלוט אויף אַלע פֿראָנטן און לאָזן אויף קיין מינוט ניט אַרויס דאָס געווער פֿון דער האַנט, און איר טראָגט זיך דאָ אַרום מיט אײַער „ייִדישקייט!“ אויב יאָ ריידן וועגן פֿאָלק, איז מײַן טאַטע דאָס ייִדישע פֿאָלק, איר הערט, וואָלף? די טויזנטער, וואָס שלאָגן זיך אויף די פֿראָנטן, מיר זײַנען דאָס פֿאָלק, ניט איר. און איר זאָלט קיין האָזע ניט האָבן צו ריידן וועגן ייִדישן פֿאָלק. גייט, לייגט זיך שלאָפֿן.

(וואָלף אָפּ.)

נאַטע: מישע, איך וויל דיר עפּעס זאָגן.

מישע: איצט האָב איך קיין צײַט ניט, נאַטע. (פֿאַרטיפֿט זיך אין פּאַפּירן.)

נאַטע: מיכײַלאָוו!

מיכײַלאָוו: וואָס ווילסטו, טאָכטער?

נאַטע: איר דאַרפֿט דאָך שיקן נאָך צוויי מענטשן אין שטאָט אַרײַן.

מיכײַלאָוו: יאָ, נו, איז וואָס האָט עס צו דיר?

נאַטע: שיקט מיך.

מיכײַלאָוו: וואָס? וואָס מיינסטו, ס׳איז דיר אַ קינדער־שפּיל? גיי אַהיים שלאָפֿן, הערסט?

מישע: דיך?

נאַטע: מיך, מיטן ערשטן טראַמוויי פֿאָרן די מילכי־

קערנס, איך וועל אויך פֿאָרן, ווי א מילכיקערן, איך וועל פירן א בידאָן מיט מילך.

מישע: נאטע, קום נאָר אהער, און דו האָסט קיין מוירע ניט?

נאטע: וואָס זאָל איך מוירע האָבן?

מישע: באטראכט זיך גוט, נאטע. טאָמער דערקענט דיך עמעצער?

נאטע: כ'האָב שוין באטראכט.

מישע: האָסט געהערט וואָס גאָרדיי האָט דערציילט? מיטן ערשטן טראמוויי וועלן פֿאָרן אסאך באנדיטן אין שטאָט אריין קלוימערשט מיט פּראָדוקטן, טאָמער דערוויסן זיי זיך...

נאטע: וואָס נאָך? מער גאָרנישט? טאָ הער, מישע, טאָמער שיקט איר מיך ניט, פֿאָר איך אליין. מיכײַלאָוו האלט מיך פאר א קינד, דו האלטסט מיך פאר א טרוס, איך וועל צופוס אוועקגיין.

מישע: שטילער, שטילער, דו וועסט פֿאָרן, מיר וועלן דיך שיקן.

נאטע: האָב קיין מוירע ניט, מישע, איך וועל זיך אזוי איבערטון, אז קיינער וועט זיך ניט אָנשטויסן, אפילע דו אליין וועסט מיך נים דערקענען.

מישע: גוט, נאָר קיינער דארף ניט וויסן, קיינער ניט, דו הערסט? גיי, לייג זיך צו דערווײַל.

ארן (גייט ארויס): איך בין פארטיק. נו, א גוטע־נאכט, א גוטע־נאכט, מיכײַלאָוו, גיב דאָ אכטונג אפּ די קינ־דער.



מיכײַלאָוו: א גליקלעכן וועג, אלטינקער, כ'וועל אכטונג געבן.

ארן: א גוטע־נאכט, קינדער. (קושט מישען, נאטען, ליובען.)

ליובע: טאטע, איך וועל דיך אביסל באגלייטן.

ארן: קום, טאָכטער. זײַט ניט צערודערט, קינדער. ביז דער רעוואָליוציע האָט מען געלעבט מיט געוואלט, איצט איז קעדײַ צו לעבן. און קלוגע מענטשן זאָגן: „בעסער, אז ס'גלוסט זיך לעבן, איידער אז מע מוז לעבן". האלט זיך, קינדער, מע וועט אײַך שיקן הילף. זײַט זי־כער...

(אָפּ אין דער נאכט ארײַן.)

פֿאָרהאנג

# דריטער אקט

## דאָס ערשטע בילד

(אַפ מאַרגן אינדערפרי אינ וואלד, ניט ווײַט פונעם יישעוו. עס ווײַזט זיכ א גרופּע מילכיקערנס, צווישנ זיי נאטע. עס טרײַבט זיי א באנדיט.)

**באנדיט**: גיכער, גיכער, אָט דאָ זיצט, ביז מע וועט אײַכ רופנ.

**א יונגע מילכיקערנ**: וואָס טרײַבסטו אונדז, מיר זײַנענ דאָכ ניט קיינ גענדז.

**באנדיט**: איר זײַט ציגנ, כא־כא־כא! ציגנ מיט בלע־כענע אײַטערס, כא־כא־כא!

**אלטע פויערטע**: וואָס איז אפ דיר דער געלענדער? ווענ וועט איר לאָזנ דעם טראַמווײַ? די מילכ וועט דאָכ קאליע ווערנ. אנטיכריסטנ! ווענ וועט מענ פּאָטער ווערנ פונ זיי?



**באנדיט**: רייד ווינציקער, אלטע נעוויילע, קאָמו־ניסטקע!

**אלטע פויערטע**: אכ, דו, צוציק באנדיטישער! אָט וועלנ קומענ די עמעסע קאָמוניסטנ, וועלנ זיי אײַכ ווײַזנ אָפּשטעלנ טראַמווײַענ.

**באנדיט**: ווארט, ווארט, איכ וועל מיט דיר א רעד טונ.

**שטימענ**: שווײַג, באָבעניו, וואָס טוסטו? טשעפּע זיי ניט!

**אלטע פויערטע**: ביז ווי לאנג וועלנ מיר שווײַגנ? ס'איז דאָכ גאזלאָנים, ניט קיינ מענטשנ. אונדז האָבנ זיי פארטריבנ אהער, אונ וואָס טוענ זיי דאָרט מיט די מאנצבלענ? קאָמוניסטנ זוכנ זיי? ראבעווענ, נעמענ צו בא מענטשנ דאָס לעצטע. טאָמער פּאָרט דאָרט עפּעס אנ אָרעמער ייִד, וועלנ זיי זיכ אָנווארפנ אפ אים, אנטיכריסטנ!

**גראָבע מילכיקערנ**: הער נאָר, אלטינקע. וויפל האָבנ זיי דיר אָפּגעצאָלט, די ייִדנ? אָט וועל איכ גיינ צורופנ אהער די קאזאקנ.

**נאטע** (צו דער אלטער): מע דארפ ניט, באָבעניו, שווײַגט, מע דארפ ניט, זיי זאָלנ צוגיינ.

**אלטע פויערטע**. וואָס ביסטו אזוי בלאס? האָסט מוירע? געל אונ גרינ זאָלנ זיי ווערנ, ווי זיי האָבנ דאָס איבערגעשראָקנ דאָס קינד! אזא שיינע קווייט! שטארק זיכ, טאָכטער, האָב קיינ מוירע ניט.

**גראָבע מילכיקערנ** (צו דער יונגער. ווײַזט אפ נאטענ):

װער איז זי, עפּעס קען איך זי ניט. פאַרװאָס האָט זי זיך אַזױ דערשראָקן?

יונגע: מיסטאָמ פירט זי מיט זיך געלט, איך האָב באַמערקט, װי זי האָט זיך אַ פּאָר מאָל אַ כאַפּ געטאָן צום בוזעם.

נאַטע (הערט פונ אַ זײַט, װאָס זײ ריידן. הױך): באָבע, ס'איז גאָרניט, איך האָב קײן מוירע ניט. מײדלעך, װאָס װעלן מיר דאָ זיצן אַזױ? לאָמיר עפּעס זינגען. (הײבט אָן זינגען, אַלע האַלטן אונטער דאָס געזאַנג. עס לױפט אַרױס װאָלף. לאָזט זיך לױפן צוריק, דערזעט נאַטען.)

װאָלף (לױפט צו): ראַטעװעט מיך, נאַטע!

נאַטע: װער איז דאָס? װעמען רופט ער דאָס? (קערט זיך אָפּ פון אים אין זינגט נאָך שטאַרקער.)

װאָלף (אַ מינוט פאַרגלײװערט): זי אױך! זי מאַכט זיך, אַז זי קען מיך ניט. נאַטע, דו דערקענסט מיך ניט? נאַטע, ס'קאָן ניט זײַן, איך גלײב ניט!

נאַטע: ער איז אַזױ דערשראָקן, אַז ער דערקענט קײן מענטשן ניט!

גראָבע מילכיקערן: עי, דו, ייִד, גײ, גײ אַװעק פונדאַנען! גײ צו די מאַנצבלען! (עס קומט צו לױפן אַ באַנדיט, כאַפּט װאָלפן.)

באַנדיט: הער נאַר, דו, װאָס מײנסטו, די װײַבער װעלן זיך פאַר דיר אײַנשטעלן? זײ דאַרפן געזונטערע פון דיר, קום, קום! (ער שלעפּט אים אַװעק.)

אַלטע פּױערטע: פאַלן זאָלן פון זײ שטיקער! װי



זײ פאַלן אָן אַף אַן אומשולדיקן מענטשן, װי די בײזע הינט. (עס באַװײַזן זיך אַ פּאָר באַנדיטן מיטן קאָמענדאַנט.)

נאַטע (רוקט אָן דאָס טיכל): אַ קאַראַהאָד, מײדלעך! (אַלע טאַנצן, נאַטע מער פון אַלע.)

באַנדיט (גײט צו): װײַבער! די דאָקומענטן, באַװײַזט אײַערע דאָקומענטן!

קאָמענדאַנט: גײט צו אײנציקװײַז, די איבעריקע זאָלן דערװײַל טאַנצן, קײן אָרנטלעכע פּױערים טשעפּען מיר ניט.

(נאַטע גײט אָפּ אין אַ זײַט, נעמט אַרױס אַ פּאַפּיר פון בוזעם און לײגט אים גיך אונטער איר בידאָן.)

אַלטע פּױערטע: גײ, גײ, טאָכטערל, איך װעל דאָ היטן דײַן בידאָן!

נאַטע (דערשראָקן): האָסט געזען?

אַלטע פּױערטע: נישקאָשע, האָב קײן מוירע ניט. ס'איז אַ נײטיקער בריװ, טאָכטער?

נאַטע: זײער אַ נײטיקער, באָבעניו, טאָמער דערזעען זײ...

אַלטע: ס'װעלן זײ די אױגן אַרױס, טאָכטער. זײַ רויִק, גײ, גײ! (זי זעצט זיך אַפן בידאָן.)

קאָמענדאַנט: גיכער, גיכער (צו דער אַלטער.) עי, דו, װאָס האָסטו זיך דאָרט אַװעקגעזעצט?

אַלטע פּױערטע: װאָדען װילסטו? איך זאָל גײן טאַנצן אַף דער עלטער? שױן ניט די יאָרן.

קאָמענדאנט: זיצ, זיצ, דו האָסט שוינ דײַנס אָפּגעטאנצט. נו ווער נאָכ? אנו (צו נאטען), דו, טענצערקע, קומ נאָר אהער, וויאַזוי רופט מענ דיכ? האָסט א דאָקרמענט? הא, מיר זײַנענ, דאכט זיכ, באקאנט. וואָס קוקסטו אזוי אפּ מיר? ס׳איז איכ. אונ דו האָסט אוואדע געמיינט, אז איכ זיצ דאָרט פארשפארט בא די קאָמוניסטנ. פאר אזוינע, ווי איכ, איז ניטאָ קיינ פארשלאָסענע טירנ. נו, דערקענסט מיכ?

נאטע: שטארק באקאנט זײַנענ מיר ניט, נאָר איכ דערקענ אײַכ.

קאָמענדאנט: וואָס־זשע טוסטו דאָ? פאָרסט אינ שטאָט? צוליב וואָס פאָרסטו?

נאטע: אלצ מיטאמאָל איז שווער צו ענטפערנ.

קאָמענדאנט: צוליב וואָס פאָרסטו אינ שטאָט ארײַנ, פרעג איכ דיכ!

נאטע: איר זעט דאָכ, איכ פיר מילכ פארקויפנ.

קאָמענדאנט: ווײַז אהער דײַנ בידאָנ, ווו איז ער?

נאטע (דערשראָקנ): וואָס דארפט איר? איר האָט קיינ מילכ ניט געזענ?

קאָמענדאנט: דערלאנג, זאָג איכ דיר!

אלטע פויערטע (הייבט זיכ ניט אופּ פונ אָרט. ווײַזט אפּ איר אייגענעמ בידאָנ). נעמ, נעמ דײַנ בידאָנ, טאָכטער, אז מע הייסט, דארפ מענ פאָלגנ. קומ אהער, נעמ.

נאטע: (נעמט דער אלטערס בידאָנ אונ טראָגט צו צומ קאָמענדאנט.) נאט, איר ווילט פארזוכנ?



קאָמענדאנט: הער נאָר, דו, ווער האָט דיכ געשיקט אינ שטאָט ארײַנ?

נאטע: מיכ שיקט מענ ניט, איכ האָב פײַנט, אז מע שאפּט זיכ מיט מיר.

קאָמענדאנט: דו מיינסט, אז איכ ווייס ניט, מיט וועמענ דו שלעפּסט זיכ ארומ?

נאטע: דאָס איז מײַנ זאכ, איכ דארפ בא קיינעמ ניט פרעגנ.

קאָמענדאנט: ער איז א קאָמוניסט. הערסט?

נאטע: אויב ס׳געפעלט אײַכ ניט, וואָס ער איז א קאָמוניסט, גייט אונ שרײַט אפּ אימ. אפּ מיר האָט איר ניט, וואָס צו שרײַענ.

קאָמענדאנט: באזוכט זי! (עס גייט צו א באנדיט.)

נאטע: ער זאָל מיכ באזוכנ? זאָלסט זיכ ניט דערוועגנ! דו הערסט? איכ וועל דיר די אויגנ אויסדראפּענ.

אלטע פויערטע: איר האָט קיינ בושע ניט, איר האָט פאר גאָט קיינ מוירע ניט.

שטימענ: זאָל זי א פרוי באזוכנ! ס׳א כארפּע! זי איז גערעכט, מירנ ניט לאָזנ.

גראָבע מילכיקערנ: איכ וועל, פּאני קאָמענדאנט, איכ קאָנ דאָס טונ.

קאָמענדאנט (צו דער גראָבער מילכיקערנ): גוט, מומעלע, גיי מיט איר אָפּ אינ א זײַט אונ באזוכ זי. איכ ווייס, אפּ דיר קאָנ מענ זיכ פארלאָזנ, נאָר געדענק!

גראָבע מילכיקערנ: זײַט רויִק, איר קאָנט זײַנ

רויִק, איך ווייס אַלע ווײַבערשע באַהעלטעגישן. זי איז מיר אָבער באַלד ניט געפעלנ געוואָרנ. קום, טײַבעלע.

(ביירע אָפּ.)

**אַלטע פויערטע**: וואָס האָט איר זיך צוגעטשעפעט צו איר? גראָבע צויג! וואָס האָסטו צו איר? אַזאַ פריילעך קינד! ס'זינגט אונ ס'טאַנצט, אַז ס'איז אַ פרייד צו קוקנ! האָט מענ זיך ארופגעוואָרפנ אָפּ איר! היצלעס! סע מאָר־דעוועט זיי! מע דאַרפ די ערד אַרבעטנ, מע דאַרפ זייענ, אונ זיי יאָגנ זיך אַרומ איבער די שליאַכנ. ווענ וועט עס זיי איינגאַנצנ אויסמאָרדעווענ?

**קאָמענדאַנט**: וואָס סקאַוווטשעסטו דאָרט, אַלטע?

**אַלטע פויערטע**: שעמ זיך אַזוי צו ריידנ מיט אַנ אַלטנ מענטשנ. וואָס זאָג איך? איך זאָג, אַז ס'איז אַ ראַכ־מאָנעס, וואָס דאַרפ מענ זי שרעקנ? זי איז שוינ אַזוי אויך אָנגעשראָקנ.

**קאָמענדאַנט**: נישקאָשע, וועסט איר אָפּשפּרעכנ אַ פּערעליאַק. אויב מע וועט בּאַ איר גאָרניט געפינענ, וועלנ מיר זי אָפּלאָזנ,

**גראָבע מילכיקערנ** (קומט מיט נאַטען): גאָרניט, פּאַני, איך האָב גאָרניט געפונענ.

**נאַטע**: גאָרנישט? אונ דאָס בײַטעלע? גיב אַהער דאָס בײַטעלע.

**גראָבע מילכיקערנ**: יאָ, איך האָב גאָר פאַרגעסנ, אַ בײַטעלע מיט עטלעכע רובל. נאַט אײַך, פּאַני קאָמענדאַנט.



**קאָמענדאַנט**: ווײַז אַהער. (ער קוקט איבער דאָס געלט.) נאַ, נאַ דיר אָפּ.

**נאַטע**: אַ דאַנק, איך קאָנ גיינ?

**קאָמענדאַנט**: ניינ, איך וויל נאָך מיט דיר אַביסעלע פאַרברענגענ. קומ אַהער אינ אַ זײַט. (פירט זי אָפּ צומ וואַלד צו.)

**נאַטע**: ווײַטער גיי איך ניט, וואָסווילט איר?

**קאָמענדאַנט**: נאַטאַשע, איך ווייס גוט, אַז דו ביסט מישענ אַ נאָענטער מענטש. פאַרשטייסט דאָך: דאָס איז אַ גענוגער גרונט, אַז מיר זאָלנ דיר ניט גלייבנ.

**נאַטע**: סע גייט מיר ווינציק אָנ, צי איר גלייבט מיר, צי ניט.

**קאָמענדאַנט**: ס'קאָנ דיר זייער שטאַרק אָנגיינ. דו ביסט נאָך אַ יונג קינד.

**נאַטע**: איר ווילט מיך שרעקנ?

**קאָמענדאַנט**: ניינ, מיר ווייסנ, אַז דו ביסט נעכטנ בּאַנאַכט געווענ בּאַ מישענ, ווענ ער האָט זיך צונויפגע־רעדט מיט זײַנע כאַווייריִמ. דו ביסט געווענ דערבײַ. ריכטיק?

**נאַטע**: וואָס ווילט איר?

**קאָמענדאַנט**: זאָלסט אונדז דערציילנ, וואָס זיי האָבנ גערעדט. קיינער וועט ניט וויסנ, איך וועל דיך לאָזנ פאָרנ אינ שטאָט אַרײַנ, קאָנסט דאָרט איבערגעבנ, וואָס מישע האָט דיר געהייסנ. נאַטאַשע, ביסט דאָך ניט קיינ נאַר, איך וועל דיר געבנ אַזויפיל געלט, אַז דו אונ דײַנ גאַנצע מישפּאָכע האָבנ פאַר זייער גאַנצ לעבנ אַזויפיל ניט געזענ. נו, פאַרוואָס שווײַגסטו?

נאטע: ווײַל איך וויל מיט אײַך ניט ריידן.

קאָמענדאנט: ווילסט ניט, וועלן מיר מיט דיר אנדערש ריידן. מיר וועלן דיך מיטנעמען מיט זיך. דו וועסט בעסער ווערן.

נאטע: איר האָט מיר איבערגעשלאָגן אינמיטן טאנצן, פּאני קאָמענדאנט, מע מעג שוין גיין?

קאָמענדאנט: גיי, גיי, טאנץ, מיר וועלן דיך אויס־לערנען שפּעטער שענערע טענץ.

נאטע (זינגט, טאנצט, צו דער אלטער פּויערטע): באָבעניו, צע־רײַסט, ער לאָזט מיך ניט אָפּ. צערײַסט, זיי זאָלן ניט זען.

אלטע פּויערטע (פּאטשט צום טאקט): האָסט עס געדארפט איבערגעבן אין שטאָט ארײַן, טאָכטער?

נאטע (טאנצנדיק): יאָ, באָבעניו, אין שטאָט ארײַן.

אלטע פּויערטע: ס'איז דאָרט דאָ אן אדרעס?

נאטע: ס'איז דאָ, באָבעניו.

אלטע פּויערטע: דארף מען ניט צערײַסן, טאָכ־טער, כ'וועל איבערגעבן. דו גלייבסט מיר, טאָכטער?

נאטע: איך גלייב דיר, באָבעניו, גיב איבער. א דאנק, טײַערע. (קושט זי.)

אלטע פּויערטע: טאָכטער, ס'וועט זײַן גוט.

קאָמענדאנט: זעצט זיך! דער טראמווײַ גייט אָפּ. (צו א באנדיט אפּ נאטען.) זי פֿאָרט מיט אונדז, נעם זי.

(נאטע זינגט.)

---



## דאָס צווייטע בילד

---

(אין קאָמענדאטור. פּאוולאָווסקי זיצט איבער פּאפּירן.)

מישע (גייט ארײַן באוואָפנט): גוט־מאָרגן, וואָס איז דאָ געשען בא דיר, פּאוולאָווסקי? ס'איז טאקע אן עמעס מיטן קאָמענדאנט?

פּאוולאָווסקי: אן עמעס, ער איז אנטלאָפן.

מישע: און די וואָליגאָרסקיס האָבן זיך נאָך פריִער אָפּגעטראָגן?

פּאוולאָווסקי: יאָ, זיי האָבן אפילע ניט געוואַרט, מע זאָל קומען נאָך זיי. עמעצער האָט זיי, אפּאָנעם, גע־וואָרנט.

מישע: דו מיינסט אזוי?

פּאוולאָווסקי: וואָדען האָבן זיי זיך ביידע אופגע־הויבן באנאכט און זײַנען אוועק פון דער היים?

מישע: עפּשער האָקטו אויסגעפּלוידערט פריִער, אז ס'איז באשלאָסן זיי ארעסטירן?

פּאוולאָווסקי: וויִאזוי רעדסטו עס מיט מיר, מישע?

מישע: כאווער פּאוולאָווסקי, איך בעט דיך ניט פאר־געסן, אז דו ביסט פאראנטוואָרטלעך פאר אָט די אלע מײַסעס. די וואָליגאָרסקיס האָסטו ארויסגעלאָזט, דער קאָמענדאנט איז בא דיר אנטלאָפן.

פּאוולאָווסקי: איך האָב ארויסגעלאָזט! בא מיר אנטלאָפן! איך האָב בא זײַן קאמער צוגעשטעלט א מיליי־

ציִאָנער. ווער האָט געקאָנט וויסנ, אז דער מיליציִאָנער איז פונ זײַנ באנדע? כ'האָב דאָכ ניט געקאָנט אליינ זיכ שטעלנ אפ קאראול אימ היטנ. איכ וועל דיר ניט דערלויבנ צו ריידנ מיט מיר אינ אזא טאָנ.

מישע: איכ זאָל האלטנ א קאמערטאָנ, אז איכ רייד מיט דיר? דו ביסט פאראנטוואָרטלעכ, ביסטו שולדיק.

פאוולאָווסקי: טאָ זאָל מענ מיכ אראָפּנעמענ, זאָל מענ עמעצנ אנדערש שטעלנ פאר קאָמענדאנט.

(ליובע מיט א רויטארמייער פירנ ארײַנ וואָלפנ א צעשלאָגענעמ, א בלאסנ, קוימ וואָס ער האלט זיכ אפ די פיס.)

מישע: וואָלפ! ווי קומט איר אהער? וואָס איז מיט אימ? וואסער, פאוולאָווסקי! לייגט אימ דאָ אנידער. ווו האָסטו אימ גענומענ, ליובע?

ליובע: איכ האָב אימ געפונענ א פארכאלעשטנ אינ וואלד, ניט ווײַט פונ אונדזער שטוב.

מישע: ווי קומט ער אינ וואלד? ער איז דאָכ פאר־טאָג אוועקגעפאָרנ אינ שטאָט ארײַנ!

ליובע: איכ ווייס ניט, ער איז געווענ אזוי ווי א טויטער. די ערשטע מינוט האָט ער מיכ אפילע ניט דערקענט.

מישע: ווי פילט איר זיכ, לערער וואָלפ?

וואָלפ: שוינ גאָרנישט, אנטשולדיקט. (א פארלאָרענער, שמייכלט.) כ'האָב זיכ שטארק אײַנגעמידט, עטלעכע שאָ אינ וואלד. (טרינקט.) א דאנק! ס'איז גאָרנישט. די באנדיטנ...

מישע: וועלכע באנדיטנ? אינ שטאָט באנדיטנ?



וואָלפ: נײנ, נײנ, אינ וואלד. באנדיטנ האָבנ אָפּגעשטעלט דעמ טראמווײַ. זיי האָבנ אראָפּגענומענ מיכ, נאָכ א ייִדנ אונ א רויטארמייער, אונ... נײנ, מער ניט, נאָר אונדז דרײַענ. איכ זאָג דיר, אז מער קײנעמ ניט. אינ טראמווײַ זײַנעג געפאָרנ אסאכ מילכיקערנס מיט בידאָנעג. איינ מילכיקערנ האָט געזאָגט צו א באנדיט: באָכער, זײַ א קאוואליער, כ'האָב נאָכ קײנמאָל ניט געזענ, וויִאזוי מע הארגעט א ייִדנ. אונ אלע האָבנ געלאכט. די באנדיטנ אויכ. אונ איינ באנדיט, נאָכ א יונגינקער אונ עפּעס א שעמעוודיקער, האָט מיטאמאָל א כאפ געטאָנ פארנ קאָלנער דעמ ייִדנ, וואָס זיי האָבנ מיט מיר אראָפּגענומענ, אימ א שלײַדער געטאָנ פונ זיכ אונ אויסגעשאָסנ אימ אינ קאָפּ ארײַנ. דערנאָכ האָט דער באנדיט מיכ אָנגעכאפּט פארנ קאָלנער, ווייס איכ שוינ ניט, וואָס דערנאָכ איז געווענ. פּלוצעמ איז ער צוגעלאָפנ אונ האָט זיכ עפּעס א שושקע געטאָנ מיט די באנדיטנ. „זאָל ער גײנ”, האָט ער, דאכט זיכ, געזאָגט.

מישע: ווער, ער? ווער האָט געזאָגט?

וואָלפ (שטיל, אזויווי פארשעמט): סאשע!

מישע: סאשע וואָליגאָרסקי?

ליובע: וואָס רעדט איר, לערער וואָלפ? באטראכט זיכ, וואָס איר רעדט. סאשע מיט די באנדיטנ? ס'האָט זיכ אײַכ אויסגעדאכט, עפּשער האָבנ אימ אויכ די באנ־דיטנ געכאפּט, לערער וואָלפ? זאָגט, ס'איז עמעס? עפּ־שער איז דאָס ניט סאשע?

וווּלפ: ס'קאָנ זײַנ, אַז ניט סאשע. עפשער האָט זיכ מיר אויסגעדאַכט. געוויס האָט זיכ מיר אויסגעדאַכט. פונ־וואַנענ קומט סאשע צו די באַנדיטנ? אונ זיי זאָלנ פאָלגנ אַ ייִדנ? ער האָט געהייסנ מיכ אָפּלאָזנ, האָבנ זיי אימ געפאָלגט. ס'איז ניט ער, ליובע. איכ האָב זיכ געלאָזט לויפנ אינ וואַלד אַרײַנ, דערנאָכ האָב איכ זיכ געלאָזט לויפנ צוריק, זיי זײַנענ שוינ געווענ ווײַט. אונ ווי האָבנ זי אַוועקגעפירט מיט זיכ, איכ האָב געזענ פונוווײַטנס, אַז זיי פירנ זי, איכ האָב געזענ געוויס.

מישע: וועמענ? וועמענ האָבנ זיי אַוועקגעפירט?

וווּלפ: איכ האָב דאָכ דיר געזאָגט, אַז זיי האָבנ אַראָפּגענומענ איינע אַ מילכיקערנ, אַ פויעריש מיידל מיט אַ בידאָנ. זי האָט זיכ ניט געלאָזט דערקענענ צו מיר, עפשער איז דאָס ניט זי. ניינ, ווענ סאשע האָט געהייסנ מיכ אָפּלאָזנ, האָב איכ נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָנ אויף איר אונ איכ האָב זי דערקענט.

מישע: נאַטע?

וווּלפ: יאָ.

מישע: נאַטע! זיי האָבנ זי אַוועקגעפירט!

וווּלפ: נישקאָשע, מישע, דאָס איז גאָרניט, מע וועט זי באַלד ברענגענ. זי האָט אויכ געזענ, ווי מע האָט דערשאָסנ דעמ ייִדנ, איכ קאָנ דיר ווײַזנ, ווי ער ליגט מיטנ פּאָנעמ אינ גראָז. וואָס איז מיט דיר, מישע? ס'וועט מיט איר גאָרנישט ניט זײַנ. זי איז דאָכ צווישנ מענטשנ.



עפשער דאַרפ מענ שיקנ נאָכ איר גאָרדייענ? ער וועט זי אַרויסנעמענ פונ זייערע הענט.

מישע: מע דאַרפ ניט, לערער וווּלפ, אַ ראַכמאָנעס אויפ גאָרדייענ. איר זאָלט אימ ניט זאָגנ, איר הערט? לייגט זיכ צו אויפנ דיוואַנ. העלפ אימ, ליובע.

וווּלפ: יאָ, מע דאַרפ גאָרניט זאָגנ. מע טאָר אימ קיינ יעסורימ ניט פאַרשאַפנ. מע דאַרפ קיינעמ ניט זאָגנ.

מישע: וואָס האָסטו מיר עפּעס געזאָגט, פּאַוולאָווסקי? איכ האָב פאַרגעסנ, אַ! עמעצער האָט געוואָרנט, זאָגסטו, די וואָליגאָרסקיס?

פּאַוולאָווסקי: אַזוי דוכט מיר.

מישע: דו האָסט עמעצנ געזאָגט וועגנ זייער אַרעסט?

פּאַוולאָווסקי: איכ האָב נאָר געזאָגט אינג קאָמענדאַטור, די רויטאַרמייער, וואָס זײַנענ געגאַנגענ מיט מיר זיי אַרעסטירנ.

מישע: מע דאַרפ גוט אַכטונג געבנ, פּאַוולאָווסקי, עפשער איז צווישנ זיי דאָ אַ פאַררעטער? (ס'הערט זיכ אַ שיסערײַ.) הערסט? זיי האָבנ שוינ אָנגעהויבנ. לויפ, פּאַוולאָווסקי, צו די האַלצ־פאַרגרייטונגענ לעבנ זעג־מיל. דאָרט אַרבעט הײַנט אַ פּאַרטיע מאָביליזירטע אויפ אַרבעט. דערצייל זייער קאָמאַנדיר, וואָס בײַ אונדז קומט פאָר, זאָל ער באַלד אַראָפּנעמענ די מאָביליזירטע פונ האַלצ־האַקנ אונ זיי שטעלנ גראָבנ אָקאָפּעס, טאַקע דאָרט לעבנ זעג־מיל אונ בײַ דער טראַמוויי־ליניע. עטלעכע מענטשנ זאָל

ער אויסטיילן אפּ באַדינען די סטאַנציע און אפּ אריבער־טראָגן האָלץ אהינצו. די סטאַנציע טאָר זיך ניט אָפּשטעלן. א קאָנוווי זאָל ער איבערלאָזן פון א צוויי, דריַי מענטשן. די איבעריקע רויטארמייער — אפּן פראָנט! וואַרט, פּאַוולאָווסקי, עפּשער וועסטו דאָרט, בא דײַנע מיליציאָנערן, אָנטאַפּן, בא וועמען האָבן זיך די וואָליגאָרסקיס דערוווּסט. גיי, איך וועל אויך דאָרט באַלד זײַן.

(פּאַוולאָווסקי אָפּ.)

ליובע (בלאַס): מישע, ס'דאַכט זיך... איך...

מישע: וואָס דו?

ליובע: די וואָליגאָרסקיס... ס'איך...

מישע: וואָס דו? (כאַפּט זי אָן פאַרן עלנבויגן.) וואָס האָסטו געטאָן? וואָס האָסטו געטאָן? — פרעג איך דיך? וואָס שווײַגסטו?

ליובע: לאָז אָפּ, לאָז אָפּ, ס'טוט מיר וויי. מישע.

מישע (לאָזט זי אָפּ): די וואָליגאָרסקיס האָבן זיך דערוווּסט פון דיר?

ליובע: פון מיר.

מישע: פון דיר? און דו קוקסט מיר נאָך אין די אויגן אַרײַן. און דו באַגראָבסט זיך ניט לעבעדיקערהייט. מײַן שוועסטער! בא אונדז אין שטוב אזא באַשעפעניש? ס'איז א ליגן! איך וועל דיך מיט מײַנע אייגענע הענט דערשיסן...



ליובע: מישע, מישע, איך האָב מוירע! לערער וואָלף! ער שיסט!

וואָלף (לויפט צו): מישע, מע דאַרף ניט שיסן, מע דאַרף ניט! (ער נעמט אַרום ליובען.) האָב קיין מוירע ניט, ער וועט ניט שיסן, איך וועל ניט לאָזן. שיס מיך, מישע, נא שיס!

מישע (זעצט זיך אויסגעשעפּט): דערצייל.

ליובע: איך בין נעכטן געגאַנגען באַגלייטן דעם טאַטן.

מישע: און דו ביסט געלאָפן דערציילן דײַן געליבטן, אַז מיר קלײַבן זיך אים אַרעסטירן?

ליובע: ניין, ניט אַזוי, איך האָב אים ניט דערציילט.

מישע: כאַפּסט שוין צוריק? ביסט נאָך א ליגנערטע אויך?

ליובע: ניין מישע, לאָז מיך אויסריידן. איך בין ניט געלאָפן צו אים, איך האָב אים באַגעגנט צופעליק. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער גייט צום קאָמענדאַנט, האָב איך אים געזאָגט, אַז דער קאָמענדאַנט איז אַרעסטירט, אַז פּאַוולאָווסקי איז איצט קאָמענדאַנט. (מישע שפּרינגט אויף.) דאָס איז דאָך ניט קיין סוד, מישע, דו האָסט דאָך אַליין געזאָגט, מע זאָל אויסהענגען דעם באַפעל.

מישע: ביז דער באַפעל איז ניט אויסגעהאַנגען, איז עס א סוד.

ליובע: איך האָב ניט געוווּסט. סאַשע איז געוואָרן שטאַרק צערודערט און האָט געפרעגט, וואָס נאָך ווייס

איך, צי קלײַבט מען זיך נאָך עמעצן ארעסטירן? איך האָב געזאָגט, אז איך ווייס גאָרניט.

מישע: דו לײַגסט!

ליובע: ניין, מישע, ס׳איז אן עמעס. דערנאָך האָט ער מיך געפרעגט, אזויווי ער פאָרט אין דער רויטער ארמיי...

מישע: סאשע אין דער רויטער ארמיי?

ליובע: יאָ, יאָ, דו גלייבסט קיינעם ניט. אלע זײַנען בא דיר קאָנטררעוואָליוציאָנערן. ער האָט מיר נאָך פריִער געזאָגט, אז ער פאָרט אפן פראָנט, איצט האָט ער מיך געפרעגט אן אייצע, צי זאָל ער פאָרן באלד צי שפעטער מיט א פאָר טעג, האָב איך אים געזאָגט, אז בעסער ער זאָל פאָרן באלד.

מישע: און ער האָט שוין פארשטאנען, וואָס דו מיינסט?

ליובע: ער האָט מיך אָפגענארט, מישע. נאָר ער איז ניט קיין קאָנטררעוואָליוציאָנער. מישע, ער איז אוועקגעפאָרן אפן פראָנט אין דער רויטער ארמיי, אָט וועסטו זען.

(ס׳קומט צו לויפן סערגיי.)

סערגיי: מישע, ס׳איז גאָרניט, דו זאָלסט זיך ניט דערשרעקן.

מישע: רייד, וואָס האָט זיך געטראָפן?

סערגיי: איך בין ניט שולדיק, מישע. איך האָב ניט



געוואָלט גיין דיר זאָגן, נאָר מיכײַלאָוו האָט באפוילן. איך האָב ניט געוואָלט, דאָס הארץ פארטראָגט מיר ניט.

מישע: וואָס איז? האָסט שוין עפעס אָנגעשעדיקט?

סערגיי: ניט דאָס, ניט דאָס. ניט איך. א באוואָפנטע באנדע האָט אין וואלד אָפגעשטעלט א טראמוויַי פון שטאָט.

מישע: פון שטאָט? ווען?

סערגיי: ניט לאנג. דער טראמוויַי איז ערשט אָנגעקומען.

מישע: א גרויסע באנדע?

סערגיי: א מענטשן פינף. מיט זיי איז געווען דער געוועזענער קאָמענדאנט און סאשע וואָליגאָרסקי, דער סטודענט.

ליובע: סאשע! זיי האָבן אים, מיסטאמע, געכאפט אזוי ווי וועלפן, איצט לאָזן זיי אים ניט אָפ...

מישע: שטער ניט, דו הערסט? שוויַיג! (צו סערגייען.) נו?

סערגיי: זיי האָבן ארויסגענומען יידן און רויטארמייער פון טראמוויַי. דרײַען האָבן זיי אפן אָרט געשאָסן, נאָר מיימאנען פון קאָאָפעראטיוו האָבן זיי אָפגעלאָזט, דער קאָמענדאנט האָט געהייסן אים אָפלאָזן, און דײַן טאטן...

ליובע: טאטע!

מישע: וואָס שוויַיגסטו? מע האָט געהייסן מיר איבערגעבן, טאָ דערצייל. מײַן פאָטער איז געווען אין דעם טראמוויַי?

סערגיי: יאָ, זיי האָבן אים אויך געוואָלט דערשיסן, נאָר דער האָט ניט געלאָזט, דער סטודענט, וואָליגאָרסקי.

ליובע: סאשע! סאשע האָט ניט געלאָזט, זעסט, וואָס האָב איך דיר געזאָגט? ווו איז דער טאטע? ער איז געקומען מיטן טראמוויַ? סאשע! סאשע האָט אים געראַטעוועט!

מישע: דערציייל!

סערגיי: וואָליגאָרסקי האָט געזאָגט, אז דער אלטער איז אוועק צופוס באנאכט אין שטאָט אריַין. מיסטאמע האָבן אים די קאָמוניסטן געשיקט, מע דארף בא אים פרעגן, ער זאָל דערציילן, ווער עס האָט אים געשיקט, און וואָס האָט ער געטאָן אין שטאָט. די באנדיטן האָבן אים אוועקגעפירט מיט זיך.

ליובע: אוועקגעפירט צו די באנדיטן... זיי וועלן אים פּייַניקן, מישע!

מישע: נו, וואָס וועסטו איצט זאָגן?

ליובע: וואָס זאָל איך טון, מישע? איך בין שולדיק, זאָג, וואָס זאָל איך טון?

מישע: גיי אוועק פון מייַנע אויגן! איך האָב דיר ניט וואָס צו זאָגן.

ליובע: מישוק, טייַערער, איך בין שולדיק, שיק מיך ערגעץ, אזוי ווי נאטען. קוק ניט אזוי אפ מיר, מישע! שיק מיך, איך וועל גיין, וווהין דו וועסט מיר הייסן.

מישע: אפ דיר טאָר מען זיך ניט פארלאָזן.

ליובע: מישע!



מישע: רייד מיט מיר ניט, גיי! (צו סערגייען.) ווער האָט דערציילט?

סערגיי: מיימאָן. ער איז געקומען, מיר האָבן אים ארעסטירט. אנטשולדיק מיר, מישע, מע האָט מיר געהייסן דיר איבערגעבן... ער איז געווען א ווילער אלטינקער, דייַן טאטע, אלע האָבן אים ליב געהאט.

מישע: נו, גיי, גיי, דו ביסט דאָך ניט שולדיק...

סערגיי (גייט אוועק): הינטישע פעל! מיר ווילן זיך דערקלייַבן צו זיי! (ער עפנט די טיר אפ ארויסצוגיין. עס טוט א קארקע א וואָראָנע.) וואָס קארקעסטו? א פינצטערע נאכט אפ דייַן קאָפּ! (ער שיסט אויס. די וואָראָנע פאלט אראָפּ.)

מישע: וואָס איז דאָס, סערגיי? בא אונדז איז יעדער פּאטראָן טייַער, און דו פּאטערסט זיי אפ וואָראָנעס! מיר וועלן בא דיר צונעמען די ביקס, סערגיי.

סערגיי: ס'איז פון הארצווייטעק, מישע! כ'וועל מער ניט. אזא ווילער אלטינקער!

(ס'לויפט אריַין א פריַילן.)

פריַילן: איר זייַנט דער נאטשאלניק? וואָס פאר א רעכט האָט איר? א סקאנדאל. שיקט מיך אָפּ אהיים. איר האָט מיך אומיסטן געבראכט, די באנדיטן. זאָלן מיך דערהארגענען. כאמסטוואָ! כ'האָב מורא פאר די באנדיטן! איר האָט דאָך מיך געפירט ארבעטן, ניט צו די באנדיטן. כ'זאָל געוועזן וויסן... שיקט מיך אָפּ!

מישע: ווער איז זי?

סערגיי: מיסטאמע, א בורזשויקע, פון די מאָבילִיזיר־טע אפ ארבעט. וויִאזוי זי קוויטשעט. מע קאָן טויב ווערן.

מישע: וואָס ווילט איר, בירגערן?

פריילן: שיקט מיך אָפּ אהיים.

מישע: גייט אהיים. איך לאָז אייך אָפּ. סערגיי, לאָז זי אָפּ. זי איז פריי.

פריילן: א שיינעם דאנק אייך. גיין אהיים. ס'איז דאָך עפשער צוואנציק ווערסט...

מישע: איך קאָן גאָרניט העלפן, דער טראמוויי גייט ניט.

פריילן: ווי איז מיר! וואָס הייסט, ער גייט ניט? וואָס־ושע וועט זיין. טאָ זאָלן גיין מיט מיר רויטארמייער. איך האָב דאָך אליין מוירע צו גיין.

מישע: די רויטארמייער זיינען פארנומען, און סיי־ווי קאָן מען איצט ניט גיין, מע דארף צוווארטן א ביסעלע. מיר זיינען ארומגערינגלט פון אלע זייטן.

פריילן: וואָס איז מיין דייגע, צי איר זייט ארומגע־רינגלט, צי ניט? וואָס הייסט, סע גייט ניט קיין טראמוויי? שיקט א טראמוויי, זאָל ער גיין! איר האָט מיך גענומען פון דער היים, דארפט איר מיך צוריק אָפּשיקן. איך וויל פון גאָרנישט ניט וויסן. איר מיינט, אז ס'איז סאָוועטסקע וולאסט, מעגט איר שוין טון, וואָס איר ווילט? כ'וועל זיך קלאָגן, איך וועל דערגיין צו די סאמע גלאוונע...

מישע: בירגערן, צום באדויערן, קאָן איך אייך גאָר־ניט העלפן. איך האָב קיין צייט ניט.



(מע הערט פון דרויסן א שיסעריי).

פריילן: כ'וועל אייך ניט אָפּלאָזן, בעזאָבראזיע!

סערגיי: איך קאָן מאכן, זי זאָל שווייגן, מישע...

(שטעלט אָן די ביקס.)

מישע (אין קאס): לאָז אָפּ. ביסט א העלד קעגן וואָראָ־נעס און ווייבער. בירגערן, איר קאָנט אריין דערוויילע דאָ אין א שטוב און איבערווארטן. אין אָוונט אָדער מאָרגן אינ־דערפרי וועלן מיר אייך אָפּשיקן מיטן טראמוויי. (עס גייט אריין גאָרדיי.)

גאָרדיי: מישע, ווו איז נאטע?

מישע: איך ווייס ניט, גאָרדיי.

גאָרדיי: ס'א ליגן, דו ווייסט. וווהין האָסטו זי אוועק־געשיקט? זאָג מיר, וווהין? ווער האָט דיך אָנגעשיקט אפ מיין קאָפּ? וואָס האָסטו צו מיר? ווו איז נאטע? זאָג, ווו?

מישע: איך קאָן דיר ניט זאָגן, גאָרדיי, איך האָב זי ניט געשיקט. דו ווייסט דאָך, אז נאטע איז מיר אזוי טייער ווי דיר...

גאָרדיי: נאטע איז מיר טייערער פון אייך אלעמען. איצט האָסטו זי צוגענומען בא מיר, גיב מיר אָפּ נאטען...

מישע: זי איז אליין געגאנגען, גאָרדיי, זי האָט גע־טאָן, אזויווי איך טו, אזוי ווי עס טוען מיליאָנען פויערים און ארבעטער, אזוי ווי דו וואָלסט געטאָן, איך ווייס, ווען דו וואָלסט ניט געווען אזוי מיד, אזוי צעבראָכן.

גאָרדיי: אָבער כ׳וויל ניט, כ׳וויל זיך ניט מישן, זאָג איך דיר. טאָמער טרעפט זיך עפּעס מיט נאַטען. האָסט זי ניט געדאַרפט לאָזן, דו ביסט שולדיק.

מישע: כ׳האָב ניט געטאָרט זי ניט לאָזן, און ס׳וואָלט מיר סײַווי ניט געהאָלפן. דו קענסט זי דאָך, נאַטקען, זי איז אַן אַקשן, דו ווייסט זי ניט איבערשפּאַרן...

גאָרדיי: איך וועל זי איבערשפּאַרן, איך וועל זי אײַנריידן, איך וועל בעטן, כ׳וועל וויינען פאַר איר, זי וועט מיר ניט קאָנען אָפּזאָגן. זאָג מיר, ווו איז זי?

מישע: איך קאָן דיר ניט זאָגן.

גאָרדיי: טאָ זאָל מײַן קלאָלע פאַלן אויף דײַן קאָפּ. ביז מײַן טויט וועל איך דיך ניט אויפהערן צו שילטן...

---

## דאָס דריטע בילד

---

(אין גאַס לעבן גאָרדייס שטוב, ניט ווײַט פון אָרנס שטוב).

גאָרדיי (גייט אַרויס פון וואַלד, פון אַלע זײַטן א שיסערײַ): ניטאָ! פאַרפאַלן געוואָרן נאַטקע! אויב ס׳איז אַן עמעס, אַז די באַנדיטן האָבן זי געכאַפּט, איז זי שוין ניטאָ. איך האָב זיך ניט געוואָלט מישן, כ׳האָב געוואָלט לעבן רויִק, איצט וועט מיר דאָ זײַן רויִק... איצט וועל איך דאָ זיצן איינער אַליין...



(וואָלף גייט אַרויס, ליובע נאָך אים.)

ליובע: וווהין גייט איר, לערער וואָלף? מע דאַרף ניט גיין, בלײַבט דאָ, איך האָב מוירע.

וואָלף: מע דאַרף ניט מוירע האָבן. גיי אין שטוב. אין שטוב דאַרף מען פאַר קיינעם ניט מוירע האָבן. אין שטוב אַרײַן, הערסט, מע שיסט! ווען ס׳זאָל זיך געפינען עמעצער, וואָס זאָל זיי זאָגן, אַז זיי זאָלן ניט שיסן, זיי געבן צו פאַרשטיין... עפּשער זאָל איך גיין?.. (ער לאָזט זיך צום וואַלד.)

פרײַלן (צו ליובען): פאַרמאַכט, פאַרמאַכט די טיר, פאַרשליסט! גיכער פאַרשליסט! (זי שלעפּט זי אַרײַן.)

גאָרדיי (אָס וואָלפן): לויפט אַרום, אַ דערשראָקענע באַשעפעניש.

וואָלף: ס׳איז אַ ליגן! איך וועל אין ערגעץ ניט גיין, איך וועל זיך באַהאַלטן. זיי הערן ניט אויף צו שיסן, זיי האָבן קיין ראַכמאָנעס ניט איינער אויפן אַנדערן. זיי זײַנען אַלע אַוועק, דער אַלטער אָרן אויך. זיי קאָנען אײַנשטעלן דאָס לעבן, אַז מע דאַרף, און איך האָב מוירע. (דערזעט גאָרדייען.) אָ, גאָרדיי! (דערשראָקן.) טשעפּעט מיך ניט, גאָרדיי! איך ווייס גאָרניט, איך האָב גאָרנישט ניט געטאָן.

גאָרדיי: קומט אַרײַן, לערער וואָלף, קומט אַרײַן אין שטוב.

וואָלף: ניין, ניין, איר האָט מיר דאָך נעכטן אַרויסגעטריבן. מע דאַרף ניט, מע דאַרף ניט אײַנשטעלן דאָס לעבן צוליב מיר.

ג אָ ר ד י י: זײַט מיר מוחל, לערער װאָלף, איך האָב זיך באַנאַרישט. כ'האָב ניט געװאָלט אײַנשטעלן. כ'האָב געמײנט, אַז ס'הענגט אָפּ פֿון מיר, אַז אױב איך װעל זיך ניט מישן, װעט מען מיך לאָזן צורו. איצט האָט מען בײַ מיר צוגע־נומען נאַטען אױך. נאָר איך װעל זיך נוקם זײַן, לערער װאָלף, איך װעל זיך נוקם זײַן פֿאַר אַלץ.

װ ו ל ף: נײן, נײן, זי װעט קומען, נאַטע װעט קומען. איך װײס אַפּ געװיס, גאָרדײ.

ג אָ ר ד י י: גײט, גײט אין שטוב אַרײַן.

(װאָלף אָפּ. עס גײען אַרײַן נאַטע, עטלעכע יונגע פּױערים.)

ג אָ ר ד י י (בלײַבט שטײן פֿאַרגליװערט): נאַטע!

נ א ט ע (לױפֿט צו צו אים): זעסט, גאָרדײ, ס'איז מיט מיר גאָרנישט ניט געשען. איך בין געזונט און שטאַרק. פֿע, גאָרדײ, אַזאַ אַלטער פּראַנטאָװיק! בײַ דיר איז דאָך נאַס אין די אױגן...

ג אָ ר ד י י: ס'איז ניט דײַן דײַגע, װאָס קוקסטו מיר אין די אױגן אַרײַן? װוּ ביסטו געװען? דערצײל.

נ א ט ע: איך בין געװען אין דאָרף. דו װײסט דאָך. זײ האָבן דאָרט געהאַלטן אין אַ שטאַל פֿאַרשלאָסן עטלעכע פּראַנטאָװיקעס און קאָמבעדטשיקעס, האָבן זײ מיך אױך פֿאַרשפּאַרט אַהין מיט זײ אינאײנעם.

ע ר ש ט ע ר פּ ױ ע ר: אונדז איז געװאָרן פֿרײלעכער, אַז מע האָט זי אַרײַנגעזעצט צו אונדז. זי האָט דערצײלט, װאָס דאָ טוט זיך, זײַנען מיר געװאָרן שטאַרקער בײַ זיך.



נ א ט ע: דערװײַל איז די באַנדע אַװעק פֿון דאָרף. זײ האָבן געלאָזט נאָר אַ צװײ, דרײַ היטן די שטאַל, האָבן מיר זיך אָנגעגעבן. אין דאָרף האָבן זיך געפֿונען גוטע־פֿרײַנט, װאָס האָבן שטילערהײט געהאָלפֿן, און מיר זײַנען אַרױס פֿון שטאַל. איצט זײַנען מיר אַלע געקומען אַהער.

צ װ ײ ט ע ר פּ ױ ע ר: זי האָט אונדז דערצײלט, אַז דאָ זײַנען בײַ אײַך די אַרבעטער אַרױס זיך שלאָגן מיט זײ, זײַנען מיר געקומען העלפֿן אײַערע אַרבעטער...

נ א ט ע: װוּ איז מישע, צי מיכײַלאָװ? דו װײסט ניט, גאָרדײ?

ג אָ ר ד י י: איך װײס? דאָרט, װוּ מע שיסט, עפּשער בײַ דער זעג־מיל. װילסט װידער אַװעקגײן, נאַטע? קום אַהער, איך װעל אַ קוק טאָן אַף דיר. גײסט אַפּן פֿראָנט? בײַ מיר פֿרעגסטו שױן ניט? נו, גײ, גײ, עפּשער זאָל איך אױך גײן מיט אײַך? נעם מיך מיט, האַ, נאַטקע? עפּשער װעל איך אײַך אױך עפּעס קאָנען העלפֿן?

נ א ט ע: מיט אונדז? נײן, גאָרדײ, ס'װעט דיר זײַן שװער. בלײַב דאָ. מיר װעלן אײַנגיכן אױך קומען צוריק. (עס גײט אַרױס װאָלף.) זע נאָר, װאָלף! לערער װאָלף, װי פֿילט איר זיך?

װ ו ל ף: אַהאַ, איך האָב דיר געזאָגט, אַז זי װעט קומען. האָב קײן מורא ניט, נאַטע, איך בין שױן װידער בײַ גאָרדײען. גאָרדײ איז אַ גוטער.

ג אָ ר ד י י: לערער װאָלף, גײט אַרײַן אין שטוב!

(ווילם אָפּ.)

נאטע: ער איז בא דיר, גאָרדיי?

גאָרדיי: איך האָבּ זיך נעכטן געפּירט, ווי א נאר, און איך שעם זיך. ס׳איז פון נארישקייט, נאטע, ניט פון שלעכטקייט.

נאטע: נו, נו, איך ווייס, איך ווייס, אז דו בּיסט ניט קיין שלעכטער. איצט, גאָרדיי, מוז איך גיין. מע דארף לויפן גיך.

גאָרדיי: גיי, גיי, שוועסטער, נאָר היט זיך!

(נאטע, פויערים אָפּ. ס׳לויפן אריין מישע, א פּוליעמיאָטשיק מיט א קוילנווארפער און רויטארמייער.)

מישע: אָט דאָ! (ער ווייזט, ווו שטעלן דעם קוילנווארפער.) דאָ מוזן מיר זיך האלטן וואָס מערער! אפ די ערטער! כאווײרים! גאָרדיי! גיי אין שטוב אריין, פעטער גאָרדיי!

גאָרדיי: מישע, האָסט ניט באגעגנט נאטען?

מישע: נאטען? ווי קומט זי אהער? זי איז דאָ געווען? גאָרדיי, ס׳האָט זיך דיר אויסגעוויזן.

גאָרדיי: זי איז דאָ נאָרוואָס געווען. זי איז מיט א גרופּע פויערים אנטלאָפן פון די באנדיטן. זי איז אוועקגעלאָפן זוכן דיך צי מיכײַלאָוון. זי האָט געבּראכט וויכטיקע יעדיִעס.

מישע: סערגיי, לויף, געפין נאטען און דערוויס זיך, וואָס פארא יעדיִעס זי האָט. גיי! מיך ווע סטו



טרעפן דאָ. אויב מיר וועלן מוזן אָפּציִען פונדאנען, — איז בא דער זעג־מיל, לויף! נאָר דו מוזט געפינען.

סערגיי: פאראן! זי געפינען! אויב נים, זאָלסטו בא מיר צונעמען מײַן באלאלײַקע. (אָפּ.)

גאָרדיי: אונדזערע טרעטן אָפּ, מישע?

מישע: דערווײַל טרעטן זיי אָפּ. באלד וועט דאָ זײַן פריילעך. גאָרדיי, זאָג דאָ אָן אין די הײַזער, מע זאָל פארשליסן די טיר און מע זאָל ניט ארויסגיין. מיר וועלן, מעגלעך, אפ א פּאָר שאָ מוזן אוועקגיין פונדאנען.

(א שיסערײַ. די רויטארמייער צעשיטן זיך אין א קייט. סע פאלט דער פּוליעמיאָטשיק. די רויטארמייער קוקן זיך אום.)

1־טער רויטארמייער: פארוואָס ארבּעטסטו ניט, הינטישער זון! איך וועל דיך ארופנעמען אפן שפּיז. א? ער האָט שוין פאר קיינעם קיין מוירע ניט. אמבא! דער קוילנווארפער איז שטום געוואָרן!

2־טער רויטארמייער: זיי שפּארן, מע קאָן זיי ניט אָפּשטעלן.

מישע: גייט עמעצער צום קוילנווארפער! כאווײרים, ווער פון אײַך גייט צום קוילנווארפער?

3־טער רויטארמייער: מע דארף אָפּטרעטן, אנטלויפט!

גאָרדיי: טרוס! צוריק אפן אָרט! איך קאָן נאָך אויך אפ עפּעס צונוץ קומען. דרײַ יאָרן געשטעפּט אפ דער מאשינקע. (לויפט צום קוילנווארפער.) אפ די ערטער, יונגען!

האַלט זיך! זאָלן זיי פאַרזוכן מײַנע ניסלעך! (לאָזט אין גאַנג דעם קוילנוואַרפער.) נאַט, קנאַקט! ברעכט די ציין!. אַנו, לע־בעדיקער! קומט אַהער נעענטער! וואָס? ס׳געפעלט אײַך ניט? איך בין שוין מיד, זאָגסטו? צעבראָכן? אַנו, קומט אַהער! איר אַנטלויפט? אַנטלויפט?

---

## דאָס פערטע בילד

---

פאַר וואָליגאָרסקיס שטוב. אַנטקעגן — די קאָמענדאַטור, אין וואָליגאָרסקיס שטוב שיקערט מען. געשרייען, אַ זינגערײַ. עס גייט אַרויס דער קאָמענדאַנט, וואַקלט זיך, נאָך אים לויפט אַרויס דער אַלטער וואָליגאָרסקי, האַלט אים קנעכטיש אונטער.

ק אָ מ ע נ ד אַ נ ט: אין דײַן מאַמען אַרײַן! ווילסט אונדז פאַרסאַמען, סוואָלאָטש! איך האָב דאָך געבעטן פייסע־כאָווקע, און דו גיסט סאַמאָהאָן. אַלע ייִדן זײַנען דיר אָבער אַלציינס.

וו אָ ל י ג אָ ר ס ק י: וואָס רעדט איר, פאַני קאָמענדאַנט? נײַנציקער! עמעסע צאַרסקע! פּאַוואָליע, איר וועט עפּ־שער נעמען אַן אוגערקעלע?

ק אָ מ ע נ ד אַ נ ט: נו, טראָג אַרויס! גיכער קאַלט וואַסער! דער מאַמען דײַנער!

(וואָליגאָרסקי לויפט אין שטוב. ברענגט וואַסער און אוגערקעס אויף אַ טעלער.)



ק אָ מ ע נ ד אַ נ ט: טפו! (באַשפּײַט וואָליגאָרסקין.) נו, ניש־קאָשע! וויש אָפּ (טרינקט וואַסער. שיסערײַ). הינטיש בלוט, מע קאָן זיי ניט אַרויסקלאַפּן פון דער זעג־מיל. אַזוי ווי אין אַ פעסטונג זיצן זיי. דרײַסיק מענטשן זאָלן זיך האַלטן קעגן הונדערט.

וו אָ ל י ג אָ ר ס ק י: נאָך אַן אוגערקעלע, פאַני קאָמענ־דאַנט. זיי וועלן זיך ניט דורכרײַסן?

ק אָ מ ע נ ד אַ נ ט: ני, נו, זיי זײַנען גוט פאַרשפּאַרט. ווען איך האָב אַ האַרמאַט, וואָלט איך פאַרברענט די זעג־מיל מיט זיי אינאיינעם. (צו אַ באַנדיט.) פיר אַרויס די אַרעס־טירטע מיידלעך! (מע פירט אַרויס ליובען מיט דער פרײַלן.)

פ ר ײַ ל ן: וואַשע בלאַגאָראָדיע, לאָזט מיך אָפּ, איך בין ניט שולדיק.

וו אָ ל י ג אָ ר ס ק י: לאָזט זי אָפּ, פאַני קאָמענדאַנט. איך קאָן דאָס ניט צוזען.

ק אָ מ ע נ ד אַ נ ט: זיי זײַנען אַרעסטירט, איר הערט, פאַני וואָליגאָרסקי? מישט זיך ניט! (צו ליובען.) כאַ־כאַ־כאַ! אין נאָמען פון דער רעוואָליוציע אַרעסטיר איך אײַך. נו? און וואָס איז נאָכדעם געווען... איך דאַרף וויסן אַלץ, וואָס זיי האָבן גערעדט. פאַרוואָס ענטפערסטו ניט? וואָס שווײַגסטו סטערווע? (צו וואָליגאָרסקין). אַ פײַנע מיידעלע, אַ? מוסיע וואָליגאָרסקי! איר פאַרשטייט דאָך עפּעס אין דעם, וואָס אַנטלויפט איר, מוסיע וואָליגאָרסקי?

פ ר ײַ ל ן: הער אָפיצער, וואַשע בלאַגאָראָדיע, וואָס האָט איר צו מיר? איך האָב אַליין פײַנט קאָמוניסטן.

קאָמענדאנט: ווּעסט דערציילן דער באָבע דײַנער? האָסט זיי פײַנט... וואָס זשע זיצסטו בא א קאָמוניסט אינ שטוב? ביסט געשלאָפן מיט אים? זאָג? האָסט זיי פײַנט, ווי א קאַץ סמעטענע.

פרײַלן: ניינ, הער אָפיצער. איך האָב אליין גע־ליטן פון זיי. איך בינ אנטלאָפן פון דער ארבעט. זיי האָבן אונדז געהייסן, מיר זאָלן גראָבן אָקאָפעס קעגן אײַך, האָב איך זיך אָפגעזאָגט. זיי האָבן מיך מאָביליזירט האָלץ האקן. ניינ, ווארט צו, וואשע וויסאָקאָבלאגאָראָדיע! א ברײַרע האָב איך געהאט? מע איז דאָך בא זיי אינ די הענט. אָבער, אז זיי האָבן מיך געוואָלט צווינגען גראָבן אָקאָפעס קעגן אײַך, דאָס ניט! באַדײַ זאָל מען מיך שיסן! נאָר איך זאָל ברענגען א שאָדן אײַך, אונדזערע באפרײַער, דאָס ניט... בינ איך אנטלאָפן.

קאָמענדאנט: גלײַך צו דעם גלאווּנע קאָמוניסט אינ שטוב ארײַן?

פרײַלן: איך האָב דאָך ניט געוווּסט, וואשע וויסאָקאָ־פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, פונוואנען האָב איך געקאָנט וויסן? איך בינ דאָך א בורזשויקע.

קאָמענדאנט: נו, גוט, גוט. מיר וועלן נאָך ריידן מיט אײַך, איר פארשטייט, טעט־א־טעט, אויג־אפ־אויג. אזוי קאָן מען גיכער דערקענען א מענטשן, ריכטיק, טײַערינקע? נו, ווישט אָפ די ליכטיקע אייגעלעך!

פרײַלן: א דאנק, נו, יאָ, טעט־א־טעט, אָ, איר זײַנט שארפזיניק!



קאָמענדאנט: גענוג. (צו ליובען.) נו, מיידעלע, וואָס ווּעסטו זאָגן? פארוואָס בעטסטו ניט, איך זאָל דיך אָפלאָזן?

ליובע (שווײַגט.)

קאָמענדאנט: פארוואָס ענטפערסטו ניט? אזא פײַנינקע! (וויל איר א גלעט טאָן די האָר.) אזא יונגס...

ליובע: אָפ הענט! כאם!

קאָמענדאנט: אזוי, דו ביסט גאָר א שטעכיקע? האָסט שארפע נעגעלעך, קאָמוניסטיש בלוט! איך וועל דיך מאכן ריידעוודיק!

סאשע (גייט ארויס): זע נאָר, ליובע! קאָליע, האָסט זי ארעסטירט? לאָז זי אָפ! ס'א סקאנדאל! (סאשע שושקעט זיך עפעס מיטן קאָמענדאנט.)

קאָמענדאנט: פרוּוו זיך, אויב דו קענסט, באווײַזן דײַנ בעריעשאפט.

(אָפ.)

סאשע: ליובע, קום אהער. זעץ זיך צו, ליובע, זעץ זיך.

ליובע: ווּ איז דער טאטע?

סאשע: איך ווייס ניט, ליובע.

ליובע: דו ווייסט! דו ביסט א ליגנער! זאָג, ווּ איז ער? וואָס האָט איר מיט אים געטאָן?

סאשע: ליובקע, איך האָב אים געראטעוועט. כ'האָב זיי צוגעזאָגט געלט. איצט הענגט אָפ זײַנ לעבן פון

דיר. זײַנ לעבנ אונ דײַנ לעבנ. אונ עפשער נאָכ עמעצנס!

ליובע: איכ וויל מיט דיר ניט ריידנ.

סאשע: ער וויל וויסנ, ווער ס'איז געווענ בא אײַכ. זאָג אים. סײַווי וועט עס קיינעמ דאָכ ניט שאטנ. איצט זײַנענ זיי דאָכ קיינער דאָ ניטאָ. אונ אז דו וועסט דערציילנ, וואָס זיי האָבנ גערעדט, וועמענ וועסטו קאליע מאכנ? פונ זייערע פלענער איז דאָכ בעמיילע גאָרנישט ניט געוואָרנ. די שטאָט איז שוינ פארנומענ, ניטאָ שוינ קיינ סאָוועטנ אינ שטאָט. אפ קיינ הילפ קאָנענ זיי ניט אויסרעכענענ. זיי וועלנ לעבעדיק שוינ פונ דער זעג־מיל ניט ארויסגיינ. איז וועמענ טוסטו א טויווע מיט דײַנ שווײַגנ?

ליובע (מיט שרעק אונ עקל): אוועק, אוועק, באנדיט!

סאשע: באליידיק מיכ, זידל מיכ. איכ האָב עס ניט פארדינט, ליובע, איכ מיינ דײַנ טויווע. איכ בינ זיכ מוי־דע, פאר מישענ ארט מיכ ניט, נאָר פאר דיר אונ פאר אונדז אלעמענ... ליובע, ער וועט דיכ אָפלאָזנ אונ דײַנ טאטנ, טו אים צוליב, ליובע! אניט וועלנ זיי אונדז אלע־מענ דאָ אומברענגענ, זיי וועלנ אונדז אלעמענ אויסקוילענ. נו, ליובע...

ליובע (שווײַגט).

סאשע: אינ נאָמענ פונ אונדזער פרײַנטשאפט, ליובע, אינ נאָמענ פונ אונדזער ליבע...

ליובע: באנדיט! נא! (דערלאנגט אים א פאטש.) מארש פונדאנענ, הונט געשלאָגענער! הונט! טרוס!

קאָמענדאנט (גייט ארײַנ): נו, סאשע?



סאשע (גייט צומ שטוב): רייד דו מיט איר.

קאָמענדאנט: כ'וועל ריידנ. מיט פארגעניגנ וועל איכ ריידנ. איכ וועל דיכ אײַנבעטנ, טײַערינקע. ניינ, דו וועסט זיכ אליינ בעטנ בא מיר, וועסט מיר קושנ די פיס.

פרײַלנ: זײַט ניט קיינ שלעכטע, ליובע, זיי וועלנ אונדז אלעמענ אָפלאָזנ, איר פארשטייט, טײַערינקע? מיט זיכ קאָנט איר טונ, וואָס איר ווילט, אָבער פארוואָס דארפנ איבער אײַכ אנדערע לײַדנ? איכ בינ ניט מעכויעוו צו לײַדנ איבער אײַכ. ס'איז זייער ניט מענטשלעכ פונ אײַער זײַט. ס'איז עגאָיסטיש! איבער אײַערע קאפריזנ דארפנ אנדערע לײַדנ! (ס'דערהערט זיכ אנ ארטילערישער שאָס.) מערזאווקע! קאָמוניסטקע! איכ בינ ניט שולדיק! איכ וויל איבער איר ניט לײַדנ. לאָזט מיכ אָפ!..

קאָמענדאנט: דו שווײַגסט? נו, גוט, מיר וועלנ נאָכ זענ! (צו דער פרײַלנ.) איר זײַט פרײַ. קומט, מאדעמוא־זעל! בא אונדז איז א פריילעכע קאָמפאניע. ס'וועט אײַכ ניט זײַנ אומעטיק. (ער זאָגט עפעס שטיל צו א באנדיט. אלע, אוי־סער ליובענ, אָפ.)

ליובע: טאטע, ווו ביסטו, טאטע! איכ האָב אזוי מוירע! (דער באנדיט פירט ארײַנ דעמ אלטנ ארענענ.) טאטע!

ארנ: ליובע, טאָכטער!

קאָמענדאנט (גייט ארויס): זאָלנ זיי ריידנ! ניינ, מע דארפ זיי דערווײַל ניט פארשפארנ. (צומ אלטנ.) רייד מיט איר, זאָג איר, חיים איר, איכ גיב דיר פינפ מינוט... (אָפ.)

ל י ו ב ע: טאטע, דו לעבסט?

א ר נ: יאָ, איכ לעב, מיידעלע מײַנס. מיינסט אזוי גיכ שטארבט מענ? ביז דער מענטש קומט ניט אָפּ אלע זײַנע צאָרעס, קאָנ ער ניט שטארבנ. נישקאָשע, טאָכטער, מע דארפ נאָר דערציִענ נאָכ א פּאָר שאָ. ביז נאכט וועט אָנקו־מענ הילפ. אזוי האָט מענ מיר אינ שטאָט געהייסנ איבער־געבנ. נאָר אפנ וועג האָבנ זיי מיכ געכאפּט, זיי האָבנ בא מיר אויסגעפרעגט, וואָס איכ האָב געטאָנ אינ שטאָט. וואָס זאָל איכ זיי זאָגנ? וואָס קאָנ דארפנ אנ אָרעמער שוסטער אינ שטאָט? איכ בינ געפאָרנ קריגנ עפּשער א שטיקל פּאָדעשווע, צי א פּאָר אלטע כאָליעוועס אפ לאטעס.

ל י ו ב ע: זיי האָבנ דיכ געשלאָגנ?

א ר נ: ניינ, טאָכטער, ס'א קלייניקײַט. אנ אָרעמער ייִד איז צוגעווינט צו קלעפּ. אז איכ בינ געווענ א קינד, האָט מיכ דער טאטע געשלאָגנ. וואָס זאָל טונ אנ אָרעמער טאטע, אז ס'איז אים ניט גוט אפנ הארצנ? דערנאָכ האָט מיכ דער רעבע געשלאָגנ, דערנאָכ האָט מיכ דער באלע־באָס געשלאָגנ מיט א רימענ אָדער מיט א קאפּול איבער די אקסלענ. שפּעטער בינ איכ געווענ א סאָלדאט, אונ דאָרט האָט מענ געפּאטשט איבער די באקנ. אונ נאָכדעם האָבנ געשלאָגנ שווארצמייעניקעס, גאָראָדאָוויעס, אוראדניקעס. ס'שטייט שוינ ניט צו צו מיר, טאָכטער, איכ בינ שוינ אויסגע־שלאָגנ, ווי א גוט לעבל ברויט, פונ אלע זײַטנ. מער וועט מענ שוינ קיינ אָרעמע מענטשנ ניט שלאָגנ, טאָכטער, זיי וועלנ זיכ ניט לאָזנ...



(א שאָס פונ א הארמאט נעענטער).

א ר נ: האָסט מוירע, טאָכטער?

ל י ו ב ע: ניינ, טאטע, מיט דיר האָב איכ קיינ מוירע ניט.

א ר נ: ווו איז ערגעצ גאטע מיט גאָרדייענ, ווייסט ניט, טאָכטער?

ל י ו ב ע: גאָרדיי איז אינ זעג־מיל מיט מישענ, ער איז באם קוילנווארפער. גאטע איז אנטלאָפנ פונ די באנ־דיטנ, זי איז, דאכט זיכ, אוועקגעגאנגענ אינ וואלד באגע־גענענ דעמ אָטריאד, וואָס מע האָט ארויסגעשיקט פונ שטאָט.

א ר נ: אונ וואלפ ווו איז, טאָכטער?

ל י ו ב ע: גאָרדיי האָט אימ דאָ ערגעצ באהאלטנ. די באנדיטנ האָבנ אימ ניט געפונענ.

(עס דערהערט זיכ נאָכ נעענטער א שאָס פונ א הארמאט. עס לויפט ארויס דער קאָמענדאנט.)

ק אָ מ ע נ ד א נ ט: נו?

א ר נ: פארוואָס אזוי גיכ, פּאני קאָמענדאנט? ס'איז נאָכ קיינ פינפ מינוט ניטאָ. ס'איז דאָכ מײַנ איינציקע טאָכטער...

ק אָ מ ע נ ד א נ ט: שווײַג! דו ווילסט אָפּציִענ? מיינסט, אז עמעצער וועט קומענ אײַכ ראטעווענ? קיינער וועט ניט קומענ. ניטאָ שוינ קיינ קאָמוניסטנ. לענינ איז ווײַט פונדאנענ.

ארנ: מע קאָנ ניט וויסנ, פאני קאָמענדאנט...

קאָמענדאנט: וואָס!..

ארנ: זײַ ניט אינ קאַס, קאָמענדאנט, טשעפּע ניט מײַנ טאָכטער... דו האָסט דאָכ אויכ קינדער, דו האָסט א מאמע...

קאָמענדאנט: זאָג איר, זי זאָל ריידנ, וועל איכ זי ניט טשעפּענ.

ארנ: וואָס זאָל זי ריידנ? זי ווייסט ניט, וואָס צו דערציילנ. זי איז שוינ דעמלט געשלאָפנ, פאני קאָמענדאנט.

קאָמענדאנט: צו פרי לייגט מענ זיכ שלאָפנ בא אײַכ אינ שטוב. אָט וועל איכ זי אָפּגעבנ צו מײַנע כעווי־רע, זיי זאָלנ א שפּיל טונ מיט איר, וועט זי בעסער ווערנ. דו שווײַגסט? איר מיינט, אז איכ סטראשע נאָר? (פײַפט עס לויפט צו א באנדיט.) באלד פאַר דײַנע אויגנ, אלטער, וועל איכ כאסענע מאכנ דײַנ טאָכטער.

וואָלפ (לויפט ארויס): מע דארפ ניט. כאָוועד קאָמענ־דאנט, מע דארפ ניט, זי וועט דערציילנ, זי וועט זאָגנ, וואָס איר ווילט, ליובע!

ליובע: לערער וואָלפ, וואָס זײַנט איר אהער געקו־מענ? אונדז וועט איר סײַוויסײַ ניט העלפנ.

קאָמענדאנט: א! זייער צופרידנ, מיר האָבנ זיכ שוינ, דאכט זיכ, איינמאָל געזענ הײַנט אינ וואלד. זייער פײַנ. ניינ, טײַערינקע, ער וועט העלפנ. איר קאָנט זיי העלפנ, הער וואָלפ, זיי זײַנענ אקשאָנים. איר זײַט דאָכ, אויכ דאָרטנ געוועזנ נעכטנ, איכ געדענק, איכ געדענק,



איר דארפט מיר נאָר זאָגנ, ווער איז דאָרטנ נאָכ געווענ יענעם אפדערנאכט, אונ וואָס האָט מענ גערעדט. איכ זע, אז איר האָט אפ איר ראכמאָנעס. איכ גיב אײַכ מײַנ וואָרט, אז איכ וועל זי אָפּלאָזנ.

וואָלפ: איר ווייסט דאָכ, ווער ס'איז געווענ. איר זײַנט דאָכ אליינ...

ליובע: לערער וואָלפ! ווער האָט אײַכ גערופנ אהער? איר זאָלט זיכ ניט דערוועגנ. איר הערט? טרוס! איר זאָלט קיינ וואָרט ניט זאָגנ! איר הערט?

קאָמענדאנט: נו! (וואָלפ שווײַגט.) אזוי? זייער וויל! וועט איר אויכ זײַנ א מעכוטנ בא דער כאסענע. ס'וועט אײַכ זײַנ פריילעכ...

וואָלפ: מע דארפ ניט, ליבינקער, זי איז דאָכ נאָכ א קינד, אונ ער איז אנ אלטער מאנ, האָט ראכמאָנעס אפ זיי. זיי זײַנענ דאָכ מענטשנ, אונ דו ביסט אויכ א מענטש. ס'קאָנ ניט זײַנ, ווּעסט קיינ הארצ ניט האָבנ. נו, שטעל זיכ פאָר ס'איז דײַנ שוועסטער...

קאָמענדאנט: אַוועק! זי איז א צויג, ניט קיינ מענטש! (ער הייבט אופ אפ ליובענ די נאהײַקע.)

וואָלפ: מע דארפ ניט, שלאָגט מיכ! שמײַסט, שלאָגט, שיסט! איכ בינ דאָכ דאָרט אויכ געווענ גלײַכ מיט איר אונ איכ דערצייל אויכ ניט. איכ שווײַג, אהא, אהא! איכ שווײַג. איכ וויל אײַכ ניט דערציילנ! שלאָג, שלאָג מיכ!

קאָמענדאנט (שטופּט אימ אָפּ): אוועק, זאָג איכ דיר, הינטישע מאָרדע! נא! (טוט א שמיץ ליובענ.)

וו ו ל ף: א־א־א! באנדיט, מערדער, מענוּוול! ביסט א כײַע, ניט קײן מענטש! נא, נא, נא! ביסט א הונט! א מעשוגענער הונט! נא! (וואַרפט זיך אף אים און שלאָגט אים.)

קאָמענדאנט: א, דו וואָרעם! (שיסט אין אים.) קרע־ציקער ייִד! (שיסט אויס אין אים די גאנצע אָבוימע.)

(וואלף פאלט, דאָס שיסן פון הארמאט איז שוין גאָר נאָענט. עס לויפט ארײַן א באנדיט.)

באנדיט: אונדזערע טרעטן אָפּ. פון שטאָט האָט זיך דורכגעריסן אן אָטריאד. זײ האָבן ארטילעריע. זײ זײַנען שוין לעבן די האַלץ־פארגרייטונגען.

קאָמענדאנט: צו דער ביקס! (באנדיטן לויפן צום וואלד. אנטקעגן זײ לויפן באנדיטן, וואָס טרעטן אָפּ פון וואלד. פאניק.)

וואָליגאָרסקי (לויפט ארויס צום קאָמענדאנט): לאָזט זײ אָפּ, פאני קאָמענדאנט, לאָזט זײ אָפּ. איר גייט אוועק, און מיר מוזן בלײַבן דאָ. מיר זײַנען אומגליקלעך, אויב איר וועט זײ הארגענען, ס׳וועט זיך אויסלאָזן צו אונדזער קאָפּ.

קאָמענדאנט: אוועק! טראָג זיך אָפּ פונדאנען! אניט!.. נו, טײַערינקע, איך האָב קײן צײַט ניט זיך פאר־נעמען מיט אײַך, ווי איר האָט עס פארדינט. א שאָד! ס׳וואָלט געווען א פריילעכער שמועס. איצט וועט דער שמועס זײַן קירצער. אָבער כאָטש א ביסעלע וויל איך האנאָע האָבן, און פאר אײַער מישענע וועט עס זײַן א טײַערער סיורפריז... (בעשאסן ריידן לאָדט ער אָן לאנגזאם דעם



רעוואָלווער.) דו, אלטינקער, וועסט צוווארטן א ביסעלע, זי איז בילכער! (ער שיסט אין ליובען.)

ארן: טאָכטער!

קאָמענדאנט: כא־כא־כא! כ׳האָב אף קאטאָוועס, און דו האָסט געמיינט, אז שוין. טו א קוק, זי איז געזונט און שטארק. איך וועל פרוּוון נאָכאמאָל. (ער שטעלט אָן דעם רעוואָלווער אף ליובען.) איצט וועל איך צילן בעסער.

(פון וואלד דערהערט זיך א נאָענטער שאָס. דער קאָמענדאנט פאלט.)

(עס לויפן ארײַן עטלעכע רויטארמייער. די אלטע פויערטע, און פאר זײ א רויטער קאָמאנדיר מיט א קאָלט אין האנט. דער קאָלט רייכערט זיך נאָך.)

אלטע פויערטע: איר זעט, וואָס זײ האָבן דאָ אָפּגעטאָן, איך האָב אײַך געזאָגט. ס׳איז דאָך ראָצכים. (אף ליובען.) אפילע קײן קינדער שאנעווען זײ ניט. (דערזעט דעם קאָמענדאנט.) דאָס איז ער, יאָ דאָס האָט ער צוגענומען נאטאשען, דאָס מיידל, וואָס כ׳האָב אײַך געזאָגט, מיטן בריוו. ווּ איז זי ערגעץ? גאָט ווייסט, וואָס זײ האָבן מיט איר געטאָן. (צו ארענען.) איר האָט זי ניט געזען? דעם גערט־נערס שוועסטער? נאטאשע רופט מען זי.

ליובע: זי איז דאָ, זי לעבט. זײ זײַנען אלע אין זעג־מיל, די באנדיטן האָבן זײ ארומגערינגלט. כאווער קאָמאנדיר, גייט, גיכער. מע דארף זײ ראטעווען...

קאָמאנדיר: רויִק, רויִק, זײ זײַנען שוין ניט ארום־

גערינגלט, די באַנדיטן אַנטלויפֿן. אונדזער אָטריאַד יאָגט זיי נאָך.

ליובע: אָט זײַנען זיי!

(עס גייען אַרײַן מישע, נאַטע, גאָרדיי, מיכײַלאָוו.)

מישע: טאַטע, ליובע, איר לעבט?

נאַטע: ליובע!

אַלטע פּויערטע: אָט איז זי! נאַטאַשע! כ'האָב דעם בריוו אָפּגעגעבן גלײַך אין די הענט. (ווײַזט אויפֿן קאָמאַנדיר.) ער ווייסט.

קאָמאַנדיר: דאָס ביסטו די נאַטאַשע? יאָ, זי האָט דעם בריוו געבראַכט. דו האָסט מיט איר געטראָפֿן. זי האָט אונדז נאָך דעם וועג אויך געוויזן דורכן וואַלד.

אַלטע פּויערטע. אַ גרויסע זאַך, דעם וואַלד קען איך גוט. כ'האָב נאָך קינדווײַז דאָ געוווּסט אַלע ווינקעלעך. אין אַזאַ צײַט, אַז מע בעט מיך, איך זאָל גיין, בין איך געגאַנגען. איצט גייען אַלע, ווער ס'קאָן נאָר.

גאָרדיי (דערזעט וואָלפֿס קערפּער): ווער איז דאָס? וואָלף?

ארנ: ער האָט זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר ליובען. זיי האָבן אים ניט געפֿונען, איז ער אַליין אַרויסגעלאָפֿן. ער האָט ניט געקאָנט צוזען, ווי מע שלאָגט ליובען.

רויטאַרמייער (לויפֿט אַרײַן צו מישען): זיי לויפֿן אין דער ריכטונג פֿון נײַ־מיכײַלאָווקע!

מישע: מע דאַרף זיי אָפּשנײַדן דעם וועג! צושפּאַרן



צו די סאַזשלקעס! פּאַוולאָווסקי, דו נעם זיך מיטן וואַלד, פֿאַרגיי זיי דעם וועג, און איך וועל גיין מיטן שאָסיי.

נאַטע: איך גיי אין דײַן אָטריאַד, מישע!

מישע: קום!

ליובע: מישע, מע מעג... גיין מיט אײַך?

מישע: מע מעג, מע מעג, ליובע! איך ווייס אַלץ, מע האָט מיר דערציילט. קום מיט אונדז, ליובקע! אַ ביקס איז דיר שווער, גיי אין דעם סאַניטאַר־טייל. קומט!

גאָרדיי: גייט, קינדער! איך וועל פֿאָרן מיט דער טאַטשאַנקע, איך וועל פֿון אײַך ניט אָפּשטיין, ביז די הענט וועלן מיר דינען.

ארנ: און איך וועל דאָ בלײַבן. איך האָב שוין קיין קויעך ניט אײַך נאָכצולויפֿן. איך וועל דאָ וואַרטן אויף אײַך. און דערווײַל (ווײַזט אויף וואָלפֿן.) וועל איך אים אָפּריכטן אין זײַן וועג אַרײַן. פֿאַר אים איז בעסער אַזוי! ער האָט ליב געהאַט די וועלט, נאָר ער האָט פֿאַר איר מוירע געהאַט. פֿאַר דער רעוואָליוציע האָט ער אויך מוירע געהאַט. איצט איז ער טויט. בעסער אַ גוטער טויט איידער אַ שלעכט לעבן!

מישע: ליב האָבן דאָס לעבן איז נאָך ווייניק, מע דאַרף זיך קענען שלאָגן פֿאַר אַ פֿרײַ לעבן. ער האָט עס ניט געקענט. אַ שאָד, וואָס ער איז געשטאָרבן! די רעוואָליוציע וואָלט אים אויסגעלערנט לעבן שיין, און ווען נייטיק — שטאַרבן שיין...

ארנ: גייט, קינדער. אַמאָל פֿלעגט מען זאָגן: אַ שיינע

וועלט, א ליכטיקע וועלט, נאָר ווי פאר וועמען! גייט, קינדער, איר זײַט יונג, נעמט אײַן די וועלט, זי איז אײַערע!

(דער אָטריאד שטעלט זיך אויס מיט מישענ אינ דער שפּיץ.)

פאָרהאנג

---

Цена 1 руб. 75 коп.

$0.25



НА ЕВРЕЙСКОМ ЯЗЫКЕ

Л. РЕЗНИК

В ТЕ ДНИ

УКРГОСНАЦМЕНИЗДАТ

Printed in Soviet Union